פנחס רודאָי
(פיני בעל־לשון)

# אונזער תורה

און

## אונזערע שענסטע אגדות

פאַר שול און הויז

חומש שמות, ויקרא
(צווייטער און דריטער טייל)

היברו פּאבלישינג קאמפּאני
79-77 דילענסי סטריט, ניו יאָרק

## די עלף סדרות פון שמות:

א) שמות
ב) וארָא
ג) בא
ד) בשלח
ה) יתרו
ו) משפטים
ז) תרומה
ח) תצוה
ט) כי תשָׂא
י) ויקהל
יא) פקודי

---

## די צען סדרות פון ויקרָא:

א) ויקרָא
ב) צו
ג) שמיני
ד) תזריע
ה) מצורע
ו) אחרי־מות
ז) קדושים
ח) אמור
ט) בהר
י) בחוקותי

---

מעשיות און לעגענדעס פון די מדרשים

---

העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

# אינהאַלט

## סדרה שמות:



## סדרה וארא:



## סדרה בא:

## מעשיות און לעגענדעם:



## סדרה בשלח:



### מעשיות און לעגענדעם:



## סדרה יתרו:



### מעשיות און לעגענדעם:



## סדרה משפטים:

מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה תרומה:



מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה תצוה:



מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה כי תשא:



מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה ויקהל - פּקודי:



מעשיות און לעגענדעס:

## סדרה ויקרא:



## סדרה צו:



## סדרה שמיני:



## סדרה תזריע:



## סדרה מצורע:



## סדרה אחרי-מות:

## סדרה קדושים:



---

## סדרה אמור:



---

## סדרה בהר:



---

## סדרה בחוקותי:



### מעשיות און לעגענדעס:



——:·:——

סדרה

# שמות

(די נעמען)

## די אידן ווערן קנעכט אין מצרים

און דאָס זיינען די נעמען פון די בני-ישראל (ישראל׳ס קינדער), וואָס זיינען געקומען קיין מצרים מיט יעקב׳ן; איטלאכער מיט זיין הויזגעזינט איז געקומען: ראובן, שמעון, לוי און יהודה; יששכר, זבולון און בנימין; דן, נפתלי, גד און אָשר.

און אַלע נפשות וואָס זיינען געקומען קיין מצרים, זיינען געווען זיבעציק. (אינאיינעם מיט יוסף׳ן און זיינע צוויי זין, מנשה און אפרים, וואָס זיינען שוין געווען פון פריער דאָרטן).

און יוסף, און אַלע זיינע ברידער, און יענער גאַנצער דור, איז געשטאָרבן. און די בני-ישראל האָבן זיך געפרוכפּערט און געמערט, און זיי זיינען געוואָרן זייער-זייער שטאַרק, און דאָס גאַנצע לאַנד איז פול געוואָרן מיט זיי.

און דאמאָלט איז אויפגעשטאַנען אַ נייער קעניג איבער מצרים, וואָס האָט ניט געקענט יוסף׳ן און אַלע זיינע טובה׳ס וואָס ער האָט געטאָן צום לאַנד.

האָט דער קעניג געזאָגט צו זיין פאָלק:

— זעט נאָר, דאָס פאָלק פון די בני-ישראל איז מערער און שטאַרקער פון אונז! קומט, לאָמיר געפינען אַ קלוגע עצה קעגן

אים, וואָרים אויב עס וועט זיך אַזוי ווייטער מערן, און עס וועט זיין, אַז עס וועט זיך טרעפן אַ מלחמה, וועט דאָס פאָלק אויך צו־שטיין צו אונזערע פיינט און וועט מלחמה האַלטן מיט אונז, און וועט ארויסגיין פריי פון לאַנד!

האָבן די מצרים געמאַכט הארן פון שטייערן, און זיי האָבן ארויפגעלייגט אַן אַרבעט-שטייער אויפן פאָלק, כדי צו פייניקן די אידן מיט שווערע לאַסט-אַרבעט.

און דאָס פאָלק האָט געמוזט בויען שפייכלער-שטעט פאַר פרעה׳ן, פיתום און רעמסס, גרויסע שטעט פאַר דער אַרמיי און פאַר אַלערליי שפייזן.

אָבער וואָס מער מע האָט די אידן געפייניקט, אַלץ מער זיינען זיי געוואָרן אין צאָל, און אַלץ מערער האָבן זיי זיך צעשפּרייט אין לאַנד, אַז די מצרים איז דאָס לעבן מיאוס געוואָרן פון שרעק פאַר די בני-ישראל.

און די מצרים האָבן געצוואונגען די אידן צו טאָן נאָך שווע־רערע אַרבעטן, און זיי האָבן זיי פאַרביטערט זייער לעבן מיט אַרבעט ביי ליים און ביי ציגל און ביי אַלערליי פעלד-אַרבעט.

* * * *

## פרעה׳ס גזירה וועגן די אידישע אינגלאַך

און פרעה, דער קעניג פון מצרים (אַלע קעניגן אין מצרים האָט מען גערופן פרעה) האָט גערופן צו זיך די אידישע הייבינס (באַבעס, מידוויייפס), וואָס איינע האָט געהייסן שפרה און די צווייטע האָט געהייסן פועה, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— ווען איר קומט צו די אידישע ווייבער צו העלפן זיי גע־בוירן אַ קינד זאָלט איר זען אויפן בראָכשטול, אויב דאָס איז אַ זון — זאָלט איר אים באַלד טויטן; און אויב דאָס איז אַ טאָכ־טער — זאָלט איר זי לאָזן לעבן!

האָבן אָבער די הייבינס מורא געהאַט פאַר גאָט, און זיי האָבן

ניט געטאָן אַזוי ווי דער קעניג פון מצרים האָט זיי באַפוילן, און זיי האָבן געלאָזט לעבן אַלע ניי־געבאָרענע אינגלאך.

האָט דער קעניג נאָכאַמאָל גערופן צו זיך די הייבינס, און ער האָט זיי געפרעגט:

— פאַרוואָס האָט איר געטאָן דיזאָזיקע זאַך, און געלאָזט לעבן די אינגלאך?

האָבן די הייבינס געענטפערט פּרעה׳ן:

— וואָס קאָנען מיר טאָן? די אידישע ווייבער זיינען ניט אַזוי ווי די מצרישע ווייבער, — זיי זיינען געזונטע און לעבהאַפטיקע, און נאָך איידער די הייבינס קומען צו זיי, געבוירן זיי שוין!

און גאָט האָט דערפאַר פיל גוטס געטאָן צו די הייבינס.

און דאָס אידישע פאָלק האָט זיך ווייטער געמערט און איז געוואָרן נאָך פיל שטאַרקער.

האָט פּרעה שוין באַפוילן צו זיין גאַנצן פאָלק, אַזוי צו זאָגן:

— יעדן אינגל, וואָס וועט געבוירן ווערן ביי די אידן, זאָלט איר נעמען און אַריינוואַרפן אין טייך (נילוס) אַריין; און יעדער טאָכטער זאָלט איר לאָזן לעבן!

* * * *

## משה ווערט געבוירן און ווערט געראַטעוועט פון טויט

דאַמאָלט איז ביי עמרם און יוכבד, ביידע פון שבט לוי, געבוירן געוואָרן אַ זון, זייער אַ שיינער, און די מוטער האָט אים אויסבאַהאַלטן דריי חדשים צייט, אַז די מצרים זאָלן אים ניט געפינען.

און אַז זי האָט אים שוין מער ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן, האָט זי גענומען אַ קעסטל פון יאַמש־שטעקנס, וואָס וואַקסן ביים ברעג פון נילוס, און זי האָט דאָס קעסטל אַרומגעקלעפּט פון אינוויניק מיט ליים, און פון דרויסן מיט פעך, און זי האָט דאָס קינד אַהין אַריינגעלייגט, און עס אַראָפּגעלאָזט ביים ברעג טייך. און

דעם קינד׳ס שוועסטער, מרים, האָט זיך אָוועקגעשטעלט פון דער ווייטן, צו וויסן וואָס מיט אים וועט זיך טאָן.

אין יענער צייט איז פרעה׳ס טאָכטער אַראָפּגעגאַנגען זיך באָדן אין טייך, און אירע דינסטן זיינען געגאַנגען מיט איר צו באַדינען זי. האָט זי דערזען דאָס קעסטל ביים ברעג, און זי האָט געשיקט אַ דינסט צו ברענגען עס צו איר.

און ווען זי האָט דאָס קעסטל געעפנט, האָט זי דערזען דאָס קינד, אַז ס׳איז אַ אינגל, און עס וויינט. האָט זי רחמנות געהאַט אויף אים און האָט געזאָגט:

— אָ, דאָסדאָזיקע קינד איז פון די עברים!

און באַלד איז אונטערגעקומען דעם קינד׳ס שוועסטער און האָט געזאָגט צו פרעה׳ס טאָכטער:

— זאָל איך גיין און דיר רופן אַ זויגערין פון די אידישע פרויען, אַז זי זאָל דיר דאָס קינד אָנזויגן?

האָט פרעה׳ס טאָכטער געענטפערט:

— גיי און רוף!

איז דאָס מיידל געגאַנגען און האָט גערופן דעם קינד׳ס מוטער.

און פרעה׳ס טאָכטער האָט צו איר געזאָגט:

— נעם דאָסדאָזיקע קינד צו דיר אַהיים און זויג עס פאַר מיר, און איך וועל דיר דערפאַר באַצאָלן!

האָט די פרוי גענומען דאָס קינד און האָט עס געזויגן די גאַנצע צייט, ביז דאָס קינד איז גרעסער געוואָרן און מע האָט עס שוין באַדאַרפט אָנטווינען.

דאמאָלט האָט זי דאָס קינד געבראַכט צו פרעה׳ס טאָכטער, און זי האָט עס צוגענומען פאַר איר אייגענעם זון.

און זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן משה, ווייל זי האָט געזאָגט: „איך האָב אים פון וואַסער ארויסגעצויגן!״ (משה הייסט אין העברעאיש: ארויסציען).

* * * *

## משה פארטיידיקט די געפייניקטע און אַנטלויפט קיין מדין

משה איז אויסגעוואַקסן, און ער איז געוואויר געוואָרן ווער ער איז און וואָס מיט אים איז געשען, איז ער ארויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער און האָט זיך צוגעקוקט צו זייער שווערער אַרבעט, און ער האָט זיי געהאָלפן מיט וואָס ער האָט געקאָנט.

איינמאָל האָט משה דערזען, ווי אַ מצרי שלאָגט אַ אידן, פון זיינע ברידער. האָט ער זיך ארומגעקוקט הין און הער, און אַז ער האָט געזען, אַז קיינער איז דאָרטן ניטאָ, האָט ער דערשלאָגן דעם מצרי און האָט אים באהאַלטן אין זאַמד.

אויפן צווייטן טאָג איז משה ווידער ארויסגעגאַנגען צו זען וואָס זיינע ברידער טוען, און ער האָט דערזען, ווי צוויי אידן שלאָגן זיך.

איז ער צוגעלאָפן צו דעם רשע (צום שולדיקן אין געשלעג) און געזאָגט:

— פאַרוואָס שלאָגסטו דיין חבר?

האָט יענער געזאָגט צו אים:

— ווער האָט עס דיר געמאַכט פאַר אַ מאַן אַ האַר און אַ ריכטער איבער אונז? צי אפשר דענקסטו מיך אויך צו הרג'ענען, ווי דו האָסט גע'הרג'עט דעם מצרי?...

האָט משה מורא געקראָגן און ער האָט געזאָגט:

— אַזוי, די זאַך (מיט יענעם מצרי) איז שוין באוואוסט געוואָרן!

און אַז פרעה האָט דערהערט דידאָזיקע זאַך, האָט ער געוואָלט משה'ן הרג'ענען. איז משה אַנטלאָפן פון פרעה'ן און ער האָט זיך באַזעצט אין לאַנד מדין. און ער איז געזעסן ביי אַ ברונעם.

* * * *

## משה האָט חתונה מיט צפורה'ן אין מדין

דער פריסטער (כהן) פון מדין האָט געהאַט זיבן טעכטער, און אַלע האָבן געפיטערט זייער פאָטער'ס שאָף.

(לויט דער מסורה האָט מען דעמדאָזיקן פּריסטער גערופן זיבן פאַרשיידענע נעמען: רעואל, יתר, יתרו, חובב, חבר, קיני, און פּוטיאל.)

זיינען דעם פּריסטער׳ס טעכטער אָנגעקומען צום ברונען, וואו משה איז געזעסן, און זיי האָבן אָנגעשעפּט וואַסער און אָנגעפילט די קאָריטעס (טראָפס) אָנצוטרינקען די שאָף. אָבער אַנדערע פּאַס־טוכער זיינען אָנגעקומען און האָבן זיי אַוועקגעטריבן.

איז משה אויפגעשטאַנען און האָט זיי געהאָלפן, און ער האָט אָנגעטרונקען זייערע שאָף.

ווען די טעכטער זיינען געקומען אַהיים צו זייער פאָטער רעואל׳ן, האָט ער זיי געפרעגט:

— פאַרוואָס זענט איר היינט אַזוי גיך געקומען?

האָבן זיי געענטפערט:

— אַ מאַן, אַ מצרי, האָט אונז מציל געווען פון די פּאַסטו־כער׳ס הענט, און ער האָט אָנגעשעפּט וואַסער פאַר אונז, און האָט אָנגעטרונקען אונזערע שאָף!

האָט דער פּריסטער געזאָגט צו זיינע טעכטער:

— און וואו איז דער מאַן? פאַרוואָס האָט איר אים איבער־געלאָזט דאָרטן? רופט אים אַהער און זאָל ער עסן ברויט מיט אונז!

און משה האָט איינגעוויליקט צו וואוינען מיטן פּריסטער. און דער פּריסטער האָט געגעבן משה׳ן זיין טאָכטער צפורה׳ן פאַר אַ ווייב.

און צפורה האָט געבוירן אַ זון, און משה האָט אים אַ נאָמען געגעבן גרשום, ווייל ער האָט געזאָגט: „איך בין אַ פרעמדער אין אַ פרעמדן לאַנד!" (אין העברעאיש: „גר", אַ פרעמדער; „שם", דאָרטן).

* * * *

## גאָט אַנטפּלעקט זיך צו משה'ן און שיקט אים צו פּרעה'ן

אין יענער צייט איז געשטאָרבן דער קעניג פון מצרים, און דער נייער קעניג, וואָס איז געוואָרן אויף זיין פּלאַץ, האָט גאָכמער געפּייניקט די אידן, און די אידן האָבן געזיפצט פון דער שווערער אַרבעט, און זיי האָבן געשריען, און זייער געשריי איז אויפגעגאַנגען צו גאָט. און גאָט האָט דערהערט זייער קרעכצן, און ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין בונד מיט אברהמ'ן, מיט יצחק'ן און מיט יעקב'ן.

און משה האָט דאַמאָלט געפּיטערט די שאָף פון זיין שווער יתרו, דעם פּריסטער פון מדין. און איינמאָל ווען ער האָט געפירט די שאָף צום מדבר־צו, און ער איז געקומען צום באַרג חורב, האָט זיך דאָרטן צו אים באַוויזן אַ מלאך פון גאָט אין אַ פלאַם־פייער פון מיטן פון אַ דאָרן.

און משה האָט געזען: דער דאָרן ברענט אין פייער, און ער ווערט ניט פאַרברענט!

האָט משה געזאָגט צו זיך:

— לאָמיך נאָר צוגיין און זען דאָסדאָזיקע גרויסע זעאונג, פאַרוואָס ווערט דער דאָרן ניט פאַרברענט.

און ווי נאָר גאָט האָט געזען, אַז משה האָט זיך געלאָזט צוגיין אַהין, האָט ער אויסגערופן צו אים פונם מיטן דאָרן:

— משה! משה!

האָט משה געענטפערט:

— דאָ בין איך!

האָט גאָט געזאָגט:

— זאָלסט ניט צוגיין נאָענט אַהער! וואַרף אַראָפּ דיינע שיך פון די פיס, וואָרים אָט דאָס אָרט, וואָס דו שטייסט אויף דעם, איז הייליקע ערד!

און גאָט האָט ווייטער גערעדט:

— איך בין דער גאָט פון דיין פאָטער; דער גאָט פון אברהמ'ן, יצחק'ן און יעקב'ן!

און משה האָט פאַרבאָרגן זיין פּנים, ווייל ער האָט מורא געהאַט צו קוקן צו גאָט.

און גאָט האָט צו אים געזאָגט:

— איך האָב געזען די פּיין פון מיין פאָלק אין מצרים, און איך האָב צוגעהערט צו זיין געשריי, וואָס עס שרייט וועגן זיינע פּייניקער, און איך וויים זיינע ווייטאָקן, און איך האָב אַראָפּגע-נידערט צו מציל זיין אים פון מצרים׳ס האַנט און צו אויפברייננגען אים פון יענעם לאַנד אין אַ גוט לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און מיט האָניק. און איצט, קום און איך וועל דיך שיקן צו פרעה׳ן, און נעם ארויס מיין פאָלק, די בני-ישראל, פון מצרים!

האָט משה געזאָגט צו גאָט:

— ווער בין איך, אַז איך זאָל גיין צו פרעה׳ן, און אַז איך זאָל ארויסנעמען די אידן פון מצרים?

האָט גאָט געזאָגט:

— אָבער איך וועל זיין מיט דיר! און אָט דאָסדאָזיקע זעאונג אינם ברענענדיקן דאָרן וועט דיר זיין אַ צייכן, אַז איך האָב דיך געשיקט! און ווען דו וועסט ארויסנעמען די אידן פון מצרים, וועט איר אָט דאָ, אויף דעמדאָזיקן באַרג, דינען גאָט!

* * * *

## גאָט זאָגט משה׳ן ווי צו רעדן צו די אידן און צו פרעה׳ן

און משה האָט געזאָגט צו גאָט:

— אָט קום איך צו די אידן און איך וועל זיי זאָגן: „דער גאָט פון אייערע עלטערן האָט מיך געשיקט צו אייך!" און זיי וועלן מיך פרעגן: „וואָס איז זיין נאָמען?" — וואָס זאָל איך זיי זאָגן?

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— איך בין דער „אייביקער"! און אַזוי זאָלסטו זאָגן צו די אידן: „דער אייביקער גאָט האָט מיך געשיקט צו אייך!" דאָס איז מיין נאָמען אויף אייביק, אויף דור-דורות! גיי און זאַמל איין

די עלטסטע פון די אידן און זאָג זיי: „דער גאָט פון אייערע על־טערן, אברהם, יצחק און יעקב, האָט זיך באַוויזן צו מיר, און ער האָט אַזוי געזאָגט: איך האָב זיך דערמאָנט אָן אייך, און אָן דעם שלעכטס, וואָס מע טוט אייך אין מצרים, און איך וועל אייך אַרויס־נעמען פון מצרים'ס פּייניקונג, און וועל אייך ברענגען אין לאַנד כנען, וואָס פליסט מיט מילך און האָניק!" — — און זיי וועלן זיך צוהערן צו דיינע ווערטער.

און נאָכדעם זאָלסטו קומען מיט די עלטסטע פון די אידן צום קעניג פון מצרים, און איר זאָלט אים זאָגן: „דער גאָט פון די עברים האָט זיך אַנטפּלעקט צו אונז, און איצט לאָמיר גיין דריי טעג וועגס אין דער מדבר צו שלאַכטן קרבנות צו אונזער גאָט!"

און גאָט זאָגט ווייטער:

— איך ווייס, אַז דער קעניג פון מצרים וועט אייך ניט לאָזן גיין, סיידן דורך אַ שטאַרקער האַנט. וועל איך אויסשטרעקן מיין האַנט און וועל שלאָגן מצרים מיט אַלע מיינע וואונדער, און ערשט דערנאָך וועט ער אייך אַרויסשיקן. און דאַמאָלט וועל איך געבן דעמדאָזיקן פאָלק חן אין די אויגן פון מצרים, און ווען איר וועט גיין, וועט איר מיט ליידיקן ניט גיין; יעדע פרוי וועט אַנטלייען פון איר שכנה, און פון דער וואָס וואוינט מיט איר אין הויז, זיל־בערנע און גאָלדענע כלים, און קליידער, און איר וועט זיי אָנטאָן אויף אייערע זין און טעכטער, — און איר וועט אויסליידיקן גאַנץ מצרים!

* * * *

## גאָט ווייזט משה'ן צייכנס פון די אידן וועגן

און משה האָט געענטפערט און געזאָגט צו גאָט:

— אָבער זיי וועלן דאָך מיר ניט גלויבן, און זיי וועלן מיך ניט וועלן פאָלגן, וואָרים זיי וועלן זאָגן: „דאָס איז ניט אמת, גאָט האָט זיך ניט באַוויזן צו דיר!"...

האָט גאָט געזאָגט צו אים:

— וואָס איז דאָס אין דיין האַנט?

האָט משה געזאָגט:

— אַ שטעקן!

האָט גאָט געזאָגט:

— טו אים אַ וואָרף צו דער ערד!

האָט משה אַ וואָרף געטאָן זיין שטעקן צו דער ערד, און ער איז געוואָרן אַ שלאַנג.

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— שטרעק אויס דיין האַנט, און נעם אָן די שלאַנג פאַר איר עק!

האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט און זי אָנגענומען, און זי איז געוואָרן ווידער אַ שטעקן אין זיין האַנט.

און גאָט האָט געזאָגט:

— אָט דאָס זאָלסטו זיי ווייזן, כדי זיי זאָלן גלויבן, אַז דער גאָט פון זייערע עלטערן, אברהם, יצחק און יעקב, האָט זיך באוויזן צו דיר!

און גאָט האָט נאָכאַמאָל געזאָגט צו משה׳ן:

— לייג אַקאָרשט אריין דיין האַנט אין דיין בוזעם!

האָט משה אריינגעלייגט זיין האַנט אין זיין בוזעם; — און ווען ער האָט זי צוריק ארויסגענומען פון דאָרטן, איז זיין האַנט געווען קרעציק — ווייס ווי שניי.

האָט גאָט געזאָגט:

— לייג ווידער אריין דיין האַנט אין דיין בוזעם!

האָט משה ווידער אריינגעלייגט זיין האַנט אין זיין בוזעם, און ווען ער האָט זי ארויסגעצויגן פון דאָרטן, איז זי ווידער געווען געזונט און ריין, ווי זיין לייב.

און גאָט האָט געזאָגט:

— אויב די אידן וועלן דיר ניט גלויבן נאָכן ערשטן צייכן, וועלן זיי דיר שוין גלויבן נאָכן לעצטן צייכן. און עס וועט זיין, אַז זיי וועלן נאָך דידאָזיקע ביידע צייכנס אַלץ ניט גלויבן, זאָלסטו נעמען אַביסל וואַסער פון טייך און זאָלסט אויסגיסן אויף דער יבשה, — און פון דעם וואַסער וועט ווערן בלוט!

## משה בעט גאָט צו שיקן עמיצן אַנדערש

און משה האָט געזאָגט צו גאָט:

— איך בעט דיך, גאָט, איך בין ניט קיין רעדנער! איך בין דאָס קיינמאָל ניט געווען, און איך בין דאָס אויך איצט ניט געוואָרן פון זינט דו רעדסט צו מיר, דיין קנעכט; וואָרים איך בין שווער אויפן מויל און שווער אויף דער צונג!

האָט גאָט געזאָגט צו אים:

— ווער האָט געמאַכט דעם מענטשן אַ מויל? אָדער ווער מאַכט שטום, אָדער טויב, אָדער זעענדיק, אָדער בלינד, איז דען ניט איך, גאָט? און איצט, ווען איך שיק דיך, גיי און איך וועל דיר העלפן רעדן, און איך וועל דיך לערנען וואָס צו רעדן!

האָט משה ווידער געזאָגט:

— איך בעט דיך, גאָט, שיק דורך וועמען דו וועסט שיקן!... (אָבער ניט דורך מיר.)

איז גאָט אין כעס געוואָרן אויף משה'ן און ער האָט צו אים געזאָגט אַזוי:

— אָבער אהרן דיין ברודער, דער לוי, ווייס איך, אַז ער קאָן יאָ רעדן. און אָט גייט ער אויך ארויס אַנטקעגן דיר, און אַז ער וועט דיך דערזען (אַנקומענדיק מיט אַזאַ וויכטיקער שליחות) וועט ער זיך האַרציק דערפרייען! און דו זאָלסט רעדן צו אים, און דו זאָלסט אים איבערגעבן אַלע ווערטער מיינע, און איך וועל אייך ביידע העלפן רעדן, און איך וועל אייך לערנען וואָס איר זאָלט טאָן! און ער, אהרן, וועט רעדן, אויף דיין באַפעל, צום פאָלק. ער וועט זיין צו דיר אַ מויל, און דו וועסט זיין צו אים אַ שליח פון גאָט. און דעמדאָזיקן שטעקן זאָלסטו מיטנעמען אין דיין האַנט, און מיט אים וועסטו מאַכן די אַלע צייכנס, וואָס איך האָב דיר געוויזן!

* * * *

## משה קערט זיך אום קיין מצרים

איז משה געגאַנגען און האָט זיך אומגעקערט צו זיין שווער יתרו'ן, און האָט צו אים געזאָגט:

— איך בעט דיך, לאָז מיך גיין און זיך אומקערן צו מיינע ברידער אין מצרים, און לאָמיך זען אויב זיי לעבן נאָך!

האָט יתרו געזאָגט צו משה'ן:

— גיי בשלום!

און, זייענדיק אין מדין, האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— גיי קער זיך אום קיין מצרים, וואָרים יענע אַלע מענטשן, וואָס האָבן געלויערט אויף דיין לעבן און דיך געוואָלט אומברענגען, זיינען שוין אויסגעשטאָרבן.

האָט משה גענומען זיין ווייב און זיינע זין, און ער האָט זיי אַרויפגעזעצט אויף אַן אייזל, און ער האָט זיך אומגעקערט קיין מצרים. און ער האָט מיטגענומען דעם געטליכן שטעקן אין זיין האַנט.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— ווען דו גייסט זיך אומקערן קיין מצרים, זע צו טאָן דאָרטן פאַר פרעה'ן אַלע וואונדער, וואָס איך האָב איבערגעגעבן אין דיין האַנט; אָבער איך וועל שטאַרק מאַכן זיין האַרץ, און ער וועט ניט אָוועקלאָזן דאָס פאָלק. און דו זאָלסט זאָגן צו פרעה'ן: „אַזוי האָט גאָט געזאָגט: מיין ערשטגעבאָרענער זון, מיין בכור, איז ישראל! שיק דערום פריי מיין זון, און זאָל ער מיך דינען! און אויב דו ווילסט אים ניט שיקן, וועל איך טויטן דיין זון, דיין בכור!"

און עס איז געווען אין וועג, אין אַ גאַסט־פּלאַץ, האָט אים, משה'ן, באַגעגנט אַ מלאך פון גאָט און האָט אים געוואָלט טויטן. (ווייל ער האָט נאָך ניט געמאַכט קיין ברית ביי זיין צווייטן זון אליעזר) האָט צפורה גענומען אַ שאַרפן שטיין און האָט מל געווען איר זון, אליעזר'ן, און זי האָט געזאָגט:

— אַ חתן פון בלוט ביזטו ביי מיר אַצינד!

און ווען דער מלאך האָט אָפּגעלאָזן משה'ן, האָט צפורה גע־זאָגט:

— אַט דער חתן פון בלוט איז אַנשטאָט דעם בלוט פון מיין מאַן!...

און גאָט האָט געזאָגט צו אהרנ'ען:

— גיי ארויס אַנטקעגן משה'ן צום מדבר!

איז אהרן געגאַנגען און האָט באַגעגנט משה'ן אויפן באַרג פון גאָט, און ער האָט אים געקושט. און משה האָט דערציילט אהרנ'ען אַלצדינג, וואָס גאָט האָט אים איבערגעגעבן, און צוליב וואָס ער האָט אים געשיקט, און אַלע צייכנס, וואָס גאָט האָט אים געזאָגט צו טאָן.

* * * *

## משה מיט אהרנ'ען קומען צו פּרעה'ן

און משה און אהרן זיינען געגאַנגען און האָבן איינגעזאַמלט אַלע עלטסטע פון די בני־ישראל. און אהרן האָט גערעדט צו זיי אַלצדינג, וואָס גאָט האָט משה'ן אָנגעזאָגט, און ער האָט געטאָן די וואונדער־צייכנס פאַר די אויגן פון פאָלק, און דאָס פאָלק האָט געגלויבט. און ווי זיי האָבן געהערט, אַז גאָט האָט זיך דערמאָנט אָן די אידן, ווייל ער האָט דערזען זייער פּיין, האָבן זיך אַלע גע־נייגט און געבוקט צו גאָט.

און נאָכדעם זיינען משה און אהרן געקומען צו פּרעה'ן און זיי האָבן צו אים געזאָגט:

— אַזוי האָט באַפוילן דער גאָט פון ישראל: שיק ארויס מיין פאָלק, זיי זאָלן אַ יום־טוב מאַכן צו מיר אין דער מדבר!

האָט פּרעה געזאָגט:

— ווער איז גאָט, אַז איך זאָל אים פאָלגן און ארויסשיקן די אידן? איך קען ניט גאָט, און וועל די אידן אויך ניט שיקן!

האָבן זיי געזאָגט:

— דער גאָט פון די עברים האָט זיך אַנטפּלעקט צו אונז! לאָמיר גיין אויף דריי טעג אין דער מדבר און ברייננען קרבנות

צו אים, כדי ער זאָל אונז ניט פּלאָגן מיט אַ מגפה אָדער מיט אַ שווערד!

האָט דער קעניג פון מצרים צו זיי געזאָגט:

— פאַרוואָס זאָלט איר, משה און אהרן, שטערן דעם פאָלק אין זיין אַרבעט? גייט יעדערער צו אייערע אַרבעטן! דאָס פאָלק איז דאָך איצט אַזויפיל פאַרנומען מיט אַרבעט, ווילט איר זיי אַלעמען שטערן!?...

און פרעה האָט אין יענעם טאָג באַפוילן צו די מצרישע און צו די אידישע אויפזעער, אַזוי צו זאָגן:

— איר זאָלט מער ניט געבן דעם פאָלק קיין שטרוי אויף צו מאַכן ציגל, אַזוי ווי איר פלעגט עס טאָן פריער. זאָלן זיי אַליין גיין און קלייבן שטרוי. און די צאָל ציגל, וואָס זיי פלעגן מאַכן ביז איצט, זאָל ניט פאַרמינערט ווערן. וואָרים פויל זיינען זיי, און דערפאַר שרייען זיי, אַז זיי ווילן גיין ברייינגען קרבנות צו זייער גאָט. זאָל די אַרבעט נאָך שווערער ווערן אויף די מענטשן, וועלן זיי זיין פאַרנומען, און ניט אין זינען האָבן קיין פאַלשע זאַכן!...

זיינען די אויפזעער אַרויסגעגאַנגען צום פאָלק און געזאָגט:

—אַזוי האָט פרעה באַפוילן: „קיין שטרוי גיב איך אייך ניט מער! גייט אַליין און קריגט אייך שטרוי, וואו איר וועט געפינען, וואָרים פון אייער אַרבעט טאָר גאָרניט געמינערט ווערן!”

* * * *

## אידן האָבן טענות צו משה׳ן, און משה האָט טענות צו גאָט

און דאָס פאָלק האָט זיך געמוזט צושפּרייטן איבערן גאַנצן לאַנד צו קלייבן שטרוי. און די אויפזעער האָבן געהאַלטן אין איין אונטערטרייבן זיי:

— גיך, גיך, ענדיקט אייערע טאָג-טעגליכע אַרבעטן, אַזוי ווי פריער, ווען עס איז געווען אָנגעגרייט שטרוי פאַר אייך!...

און די אידישע אויפזעער, וואָס פרעה׳ס צווינגערס האָבן גע-

מאַכט, זײַנען שטאַרק געשלאָגן געוואָרן דערפֿאַר, וואָס זײ האָבן נישט געקאָנט ענדיקן דיזעלבע צאָל ציגל, ווי פֿריער.

זײַנען זײ געקומען צו פּרעה׳ן, און האָבן געשריִען צו אים:

— פֿאַרוואָס טוסטו אַזוי צו דײַנע קנעכט? קײן שטרוי גיט מען אונז מער נישט, און ציגל הײסט מען אונז מאַכן! און אָט שלאָגט מען אונז דערפֿאַר, און דאָס וועט זײַן אַ זינד אויף דײַן פֿאָלק!

האָט פּרעה זײ געזאָגט:

— פֿוילע זײַנט איר, פֿוילע; דערפֿאַר זאָגט איר, אַז איר ווילט גײן ברענגען קרבנות צו אײַער גאָט! און אַצינד, גײט אַרבעטן, וואָרים קײן שטרוי וועט איר מער נישט קריגן, און די צאָל ציגל מוזט איר געבן!

האָבן די אידישע אויפֿזעער געזען, אַז עס איז שלעכט, און זײ מוזן זאָגן צו די אידן, אַז זײ זאָלן נישט מינערן פֿון זײערע טאָג־טעגליכע ציגל, האָבן זײ באַגעגנט משה מיט אהרנ׳ען, שטײענדיק אַקעגן זײ, בײַ זײער אַרויסגײן פֿון פּרעה׳ן, און זײ האָבן צו זײ געזאָגט:

— זאָל גאָט אַלײן זען און זאָל אײַך משפּט׳ן, וואָס איר האָט אונז נאָכמער פֿאַרמיאוסט אין די אויגן פֿון פּרעה׳ן און פֿון זײַנע קנעכט; איר האָט געגעבן אַ שווערד אין זײער האַנט צו הרג׳ענען אונז!...

האָט זיך משה צוריקגעקערט צו גאָט, און ער האָט געזאָגט:

— גאָט! פֿאַרוואָס האָסטו שלעכטס געטאָן דעמדאָזיקן פֿאָלק? צו וואָס האָסטו מיך געשיקט? אַז זינט איך בין געקומען צו פּרעה׳ן צו רעדן אין דײַן נאָמען, איז ער נאָך ערגער געוואָרן צום פֿאָלק, — און מציל זײַן האָסטו נישט מציל געווען!

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— אָט איצט וועסטו זען, וואָס איך וועל טאָן צו פּרעה׳ן; וואָרים דורך אַ שטאַרקער האַנט וועט ער די אידן אַרויסשיקן, און דורך אַ שטאַרקער האַנט וועט ער אַלײן זײ נאָך מוזן אַרויסטרײַבן פֿון זײַן לאַנד!

# מעשיות און לעגענדעס

## .1

## דעם קעניג׳ס חלום

א נייער קעניג איז אויפגעשטאנען אין מצרים, און דערדאזיקער קעניג האט שוין ניט געקענט יוסף׳ן, און ער האט אפילו ניט גע־וואלט וויסן, וואס יוסף האט אמאל געטאן פארן לאנד.

און ווען דער קעניג האט געזען, אז די בני־ישראל מערן זיך זייער גיך און זיי פילן אן דאס לאנד, האט ער מורא געהאט, אז די אידן זאלן ניט וועלן אמאל צונעמען דאס לאנד פאר זיך, האט ער געזוכט עצות אקעגן זיי.

און ער האט ארויפגעלייגט אויף די אידן שווערע ארבעטס־שטייערן, כדי זיי זאלן ווערן קראנק און שוואך, און פיל פון זיי זאלן אויסשטארבן.

נאר, ווי אויף צו־להכעיס, וואס מער דער קעניג האט געארבעט מיט די אידן, אלץ מערער און שטארקער זיינען זיי געווארן.

און ער האט אלעמאל געזוכט אנדערע מיטלען אקעגן זיי.

דעם קעניג׳ס אמתער נאמען איז געווען „מלול״, אבער די אידן האבן אים גערופן „מרור״, ווייל ער האט זייער שטארק פארביטערט זייער לעבן.

איינמאל האט זיך דעמדאזיקן נייעם פרעה׳ן גע׳חלומ׳ט אזא מין חלום:

אט זיצט ער אויף זיין טראן, און אלע זיינע מיניסטארן זיצן ארום אים. און עס קומט אריין אנ׳אלטער גרייז־גרויער מאן מיט א גרויסער וואג אין זיינע הענט, און ער הייגגט אויף די וואג פונקט אקעגן פרעה׳ס אויגן.

נאָכדעם האָט דער אַלטער מאַן גענומען און האָט צונויפגעבונדן אַלע מיניסטאָרן און אַלע עלטסטע לייט פון מצרים, און ער האָט זיי ארויפגעלייגט אויף איין וואָגשאָל ; און אויף דער צווייטער וואָג־שאָל האָט ער ארויפגעלייגט אַ קליין יונג לעמעלע.

און אָט האָט דאָס קליינע יונגע לעמעלע אריבערגעוואויגן פרעה׳ס אַלע מיניסטאָרן און עלטסטע לייט.

און ווען פרעה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געזען, אַז עס איז אַ חלום, האָט ער באַלד געשיקט רופן אַלע זיינע כישוף־מאַכער און שטערנזעער, און ער האָט זיי באפוילן, אַז זיי זאָלן אים זאָגן וואָס אָט דער חלום באטייט.

האָבן זיי אים פותר־חלום געווען אזוי :

— דער חלום פון גרויסן קעניג ווייזט, אַז ביי די אידן אין מצרים וועט געבוירן ווערן אַ אינגל, וואָס וועט ברייננגען אַ גרויסן אומגליק אויפן לאַנד, און קיינער וועט אים ניט קענען בייקומען !

— וואָס־זשע איז אייער עצה ? — האָט פרעה געפרעגט.

— דו זאָלסט באַלד געבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל טויטן יעדן ניי־געבוירן אינגל ביי די אידן ! — האָבן די שטערנזעער געענטפערט.

און פרעה האָט אזוי געטאָן.

* * * *

.2

## וואונדער איבער וואונדער

ווען די אידישע מוטערס האָבן געזען, אַז די מצרים גייען ארום איבער די אידישע הייזער און זוכן די ניי־געבוירענע אינגלאך, האָבן זיי גענומען און באהאַלטן זייערע קינדער אין קעלערס, אין היילן און אין אַנדערע פאַרבאָרגענע ערטער.

וואָס־זשע האָבן די מצרים געטאָן ? האָבן זיי מיטגעטראָגן מיט זיך מצרישע קינדער, און ווען זיי זיינען אריין אין אַ אידיש הויז האָבן זיי באַלד אָנגעהויבן צו קניפּן און שלאָגן די מצרישע קינדער, כדי זיי זאָלן וויינען. און אַז די מצרישע קינדער האָבן אָנגעהויבן

צו וויינען, האָבן די באַהאַלטענע אידישע קינדער דערהערט זייער געוויין און זיי האָבן זיך אויך צעוויינט, — און אַט אַזוי האָט מען זיי אויסגעפונען.

האָבן דאַן די אידישע מוטערס שוין געפונען אַן אַנדער עצה. זיי האָבן גענומען זייערע ניי־געבוירענע אינגלאַך און האָבן זיי אַוועקגעטראָגן ווייט אין די פעלדער און וועלדער אַריין, צווישן געדיכטע בוימער, און האָבן זיי דאָרטן איבערגעלאָזט אויף הפקר, אַבי זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די מצרים.

האָט גאָט געמאַכט וואַקסן פאַר איטליכן קינד צוויי שפּיציק־גלאַטע שטיינדעלאַך, פון איין שטיינדעלע האָט גערונען מילך און פונם צווייטן האָט גערונען האָניק, און אַט אַזוי האָבן די קינדערלאַך פון זיי געזויגן און זיך געשפּייזט די גאַנצע צייט.

זיינען אָבער פרעה׳ס זוכער פון דעמדאָזיקן סוד אויך געוואוירע געוואָרן, און זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו געפינען די קינדערלאַך.

איז ווידער געשען אַ נס: אַזוי ווי די מצרים זיינען נאָר צו־געקומען צו יענע ערטער, וואו די קינדערלאַך זיינען געלעגן, האָט זיך די ערד באַלד געעפנט און זיי איינגעשלונגען. און ווי נאָר די זוכער זיינען פון דאָרטן אַוועק, האָט זי די ערד ווידער געעפנט און האָט די קינדערלאַך אַרויסגעלאָזט אויף דער לופט.

און אַט אַזוי זיינען די אידישע אינגלאַך אויסגעוואַקסן אין די פעלדער און וועלדער; און ווען זיי זיינען שוין געוואָרן גרויסע, זיינען זיי געקומען צולויפן אַהיים צו זייערע עלטערן בשלום...

* * * *

3

## משה רייסט אַראָפּ די קרוין פון פרעה׳ס קאָפּ

איינמאָל איז בתיה, דעם קעניג פרעה׳ס טאָכטער, געזעסן ביים טיש און געהאַלטן משה׳ן אויף די הענט און זיך מיט אים געשפּילט. איז פרעה צוגעקומען צו איר, און ער האָט משה׳ן אַרומגענומען און געקושט.

ווען דאָס קינד האָט דערזען די גאָלדענע קרוין מיט די שיינע בלישצענדע דימענטן, האָט ער אויסגעשטרעקט זיין הענטל, האָט אַראָפּגעריסן די קרוין פון פּרעה׳ס קאָפּ און האָט זי אָנגעטאָן אויף זיין קעפּל.

דער קעניג און די מיניסטאָרן זיינען זייער דערשראָקן געוואָרן פאַר דערדאָזיקער געשעעניש, און מ׳האָט באַלד גערופן די שטערנזעער און געפרעגט זיי:

— וואָס קאָן באטייטן אָט די זאַך, וואָס דאָס קינד האָט נאָרוואָס אָפּגעטאָן?

האָבן די חרטומים זיך אָנגערופן זייער טרויעריק צו פּרעה׳ן:

— אָ, גרויסער קעניג, מיר האָבן מורא, אַז אָט דאָס איז דער באשייד פון יענעם חלום דיינעם!... דאָס ווייזט, אַז דאָסדאָזיקע קליינע אינגל, וואָס דיין טאָכטער האָט געפונען, וועט אמאָל אַוועקנעמען פון דיר דיין גרויסקייט און ער וועט ברייגען אַן אומגליק אויפן גאַנצן לאַנד!...

האָט פּרעה געפרעגט די חרטומים:

— וואָס-זשע זאָל איך מיט אים טאָן אציגד?

האָבן איניקע געזאָגט:

— זאָל אים דער קעניג באַלד אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ!

און אַנדערע האָבן געזאָגט:

— זאָל אים דער קעניג פאַרברענען אין פייער, ווייל דאָס איז זיכערער!...

איז דאמאָלט צווישן די מיניסטאָרן געזעסן אויך יתרו, דער פּריסטער פון מדין, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן משה׳ס שווער, האָט ער זיך אָנגערופן:

— צו וואָס זאָל דער קעניג אומברייגגען אַזאַ שיין קינד, וואָס זיין טאָכטער האָט אַזוי שטאַרק ליב? זאָל מען פריער אויספּרואוון צי דאָס קינד האָט שכל און פאַרשטייט, וואָס ס׳האָט געטאָן! עס קאָן דאָך זיין, אַז דאָס קינד אַנז אומשולדיק!

— ווי אַזוי וועלן מיר דאָס קאָנען אויסגעפינען? — פרעגט פרעה.

— זאָל מען אַריינברענגען אַהער צוויי שיסלען, — זאָגט יתרו — איין שיסל מיט גאָלד און דימענטן, און אַ צווייטע שיסל מיט ברענענדיקע קוילן. וועלן מיר זען: אויב דאָס קינד וועט אויסשטרעקן זיין הענטל צום גאָלד, — איז אַ סימן אַז ס׳האָט שוין שכל, און מ׳דאַרף עס טויטן; אויב אָבער ס׳וועט זיך כאַפּן צו די ברענענדיקע קוילן, — איז אַ סימן אַז ס׳פאַרשטייט נאָך גאָרניט און ס׳איז אומשולדיק, און מ׳מעג עס לאָזן לעבן!

האָט פרעה באַפוילן אַזוי צו טאָן, און מ׳האָט אַריינגעבראַכט די צוויי שיסלען.

ווי נאָר דער קליינער משה האָט דערזען די צוויי שיסלען, האָט ער אויסגעשטרעקט זיין הענטל צו דעם גאָלד און דימענטן, איז באַלד געקומען אַ מלאך און האָט אַ שטופּ געטאָן דאָס הענטל צו די ברענענדיקע קוילן.

האָט משה אַ כאַפּ געטאָן אַ ברענענדיקע קויל און זי צוגע־טראָגן צו זיינע ליפּן, און פון דאַן אָן איז ער געוואָרן אַ שטאַמלער (אַ כבד פה).

* * * *

4

## משה דערנענטערט זיך צו זיינע ברידער

משה איז געוואַקסן געוואָרן אין פרעה׳ס פּאַלאַץ ווי אַן אמת׳ער פּרינץ. ער האָט געטראָגן קעניגליכע קליידער. ער האָט געהאַט פיל באַדינערס, וואָס פלעגן אַלץ פאַר אים טאָן, אים אומעטום באַגלייטן, אים נאָכטראָגן זיין געווער (כלי־זיין), און וואו ער איז געגאַנגען האָט אים איטליכער אָפּגעגעבן קעניגליכן כבוד.

פון זינט אָבער ער איז געוואָר געוואָרן, אַז ער איז אַ זון פון אידישן פאָלק, האָט ער אַלץ געזוכט אַ געלעגנהייט צו דערנענטערן זיך צו זיינע ברידער.

משה האָט גוט געוואוסט, אַז זיינע ברידער אַרבעטן זייער שווער און ביטער פאַר פרעה'ן, זיי בויען פאַר אים פיתום און רעמסס, און די אויפזעער פייניקן זיי. נאָר אַלס אַ יונג אינגל האָט ער קיין געלעגנהייט קיינמאָל ניט געהאַט צו גיין אַליין זען און זיך דורכרעדן מיט די אידן. שטענדיק האָבן אים זיינע באַדינער באַלייט.

ווען ער איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר, איז ער צום ערשטן מאָל ארויסעגאַנגען איינער אַליין, אָן באַדינער, צו זען וואָס זיינע ברידער טוען.

און משה האָט פאַר זיך דערזען אַזאַ בילד:

עטליכע אידן שטייען איינגעבויגן, און די מצרים האַלטן אין איין ארויפלייגן אויף זייערע פּלייצעס וואָס מער ליים און ציגל. די משא ווערט וואָס אַמאָל שווערער, ביי די אידן ברעכן זיך שיער זייערע רוקנס ניט איין, קוים-קוים וואָס זיי האַלטן זיך אויף די פיס, זייערע קרעכצן און זיפצן צוברעכן דאָס האַרץ, נאָר די מצרים טרייבן זיי אונטער מיט שטעקנס.

האָט משה'ן זייער פאַרקלעמט ביים האַרץ, ער האָט דאָס ניט געקאָנט צוזען, און פון גרויס רחמנות האָט ער זיך צעוויינט און האָט אויסגעשריען:

— בעסער וואָלט איך געווען געטויט געוואָרן קליינערהייד, איידער אויסוואַקסן און צוזען אָט דידאָזיקע שרעקליכעליידן פון מיינע ברידער!...

און ער איז באַלד צוגעלאָפן צום שוואַכסטן פון די אַרבעטער, און ער האָט אונטערגעשטעלט זיין פּלייצע און האָט אים געהאָלפן טראָגן די שווערע משא פון ליים און ציגל.

און פון דאמאָלט אָן איז שוין משה געקומען אָפטער צו זיינע ברידער, ער האָט זיי געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט, און ער האָט זיי אַלעמען געטרייסט און געגעבן האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

* * * *

.5

# משה מאַכט אַ רו־טאָג פאַר די אַרבעטער אין מצרים

ווען משה האָט געזען, אַז פּרעה מאַכט וואָס אַמאָל אַלץ שווע־רער די אַרבעט פאַר די אידן, און ער גיט זיי ניט קיין איין שעה רו אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, איז ער געקומען צו פּרעה׳ן און האָט אים געזאָגט:

— הער אוים, מיין האר! דו האָסט מיך דערצויגן אַלס אַ געלערנטן מאַן. איך האָב געלערנט אַ סך חכמות און וויסנ־שאַפטן. איך האָב אויך געלערנט ווי אַזוי צו פירן אַ מלוכה און ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט די פרייע בירגער און מיט די קנעכט. דערלויב מיר דערום צו גיבן דיר אַ גוטע עצה!

— וואָס איז דאָס פאַר אַן עצה? לאָמיך הערן! — זאָגט פּרעה.

— ווילסטו האָבן געזונטע און שטאַרקע קנעכט, אָדער דו ווילסט, אַז דיינע קנעכט זאָלן אַלע אויסשטאַרבן? — פרעגט אים משה.

— געוויס וויל איך האָבן געזונטע קנעכט! — ענטפערט פּרעה.

— אויב אַזוי, זאָלסטו וויסן, קעניג, אַז אַ סך פון דיינע קנעכט פאַלן אַוועק און שטאַרבן אוים נאָר דערפאַר, וואָס דו גיסט זיי ניט קיין אָפּרו! — זאָגט משה.

— אָ! — זאָגט פּרעה — מיינע אידישע קנעכט מערן זיך שוין צופיל, און עס אַרט מיך ניט, אַז אַביסל פון זיי וועלן אויסשטאַרבן!

— ניין, קעניג! — מאַכט משה — ניט אַביסל, נאָר אַלע וועלן זיי אַט אַזוי אויסשטאַרבן, און דו וועסט בלייבן אָן קנעכט. דערום איז מיין עצה, אַז זאָלסט זיי געבן איין טאָג אין וואָך אויף אָפּצו־רוען, וועסטו זען, ווי געזונט זיי וועלן זיין און וואָס פאַר גוטע אַרבעט זיי וועלן טאָן!

— גוט, דיין עצה איז מיר געפעלן, משה! — האָט פּרעה געזאָגט — גיי, און פיר איין פאַר מיינע אידישע קנעכט אַ רו־טאָג!

איז משה מיט גרויס פרייד אװעקגעלאָפן צו זיינע ברידער אָנ־צוזאָגן זיי די גוטע בשורה. און ער האָט איינגעפירט פאַר זיי דעם טאָג שבת אַלס אַ טאָג פון רו.

* * * *

.6

## די פאַררעטער פון פאָלק

משה פלעג שטענדיק ארומגיין און טראַכטן ביי זיך: „מיט וואָס האָבן די אידן זיך פאַרזינדיקט, וואָס זיי זיינען אַזוי לאַנג פאַרשקלאַפט אין מצרים? קאָנען זיי זיך דען ניט פאַראייניקן און זיך באַפרייען פון פרעה׳ס קנעכטשאַפט?...”

איינמאָל איז משה ארויסגעגאַנגען אויס דער שטאָט און האָט דערזען ווי אַ מצרי שלאָגט אַ אידן צום טויט. האָט זיך משה ארומגעקוקט אין אַלע זייטן, און ווען ער האָט געזען, אַז ס׳איז קיינער ניטאָ, האָט ער געטויט דעם מצרי און האָט אים באַהאַלטן אין זאַמד.

אויפן צווייטן טאָג איז משה ווידער ארויסגעגאַנגען און האָט דערזען ווי צוויי אידן שלאָגן זיך מיט גרויס אַכזריות. איז ער צו־געקומען צום אָנפאַלער און האָט אים געזאָגט:

— רשע! פאַרוואָס שלאָגסטו דיין פריינט?

האָט יענער אים געענטפערט מיט עזות:

— ווער האָט עס דיך געמאַכט פאַר אַן עלטסטן און אַ ריכ־טער איבער אונז? צי דענקסטו, אַז דו וועסט מיך אויך הרג׳ענען, אַזוי ווי דו האָסט גע׳הרג׳עט דעם מצרי? אָט לויף איך שוין און וועל דערציילן דעם קעניג, וואָס דו האָסט נעכטן געטאָן!

ווען משה האָט דאָס דערהערט, האָט ער מיט אַ טיפן וויי־טאָק אויסגעשריען:

— אָ! וויי צו דעם פאָלק, וואָס האָט צווישן זיך אייגענע פאַר־רעטער און מוסרים! איצט ווייס איך שוין, פאַרוואָס די אידן

זיינען אזוי לאנג פארשקלאפט! אט די מוסרים און פאררעטער דערלאָזן ניט דאָס פאָלק אויסגעלייזט צו ווערן!...

און ווי נאָר פרעה האָט זיך דערוואוסט, אז משה האָט דער־הרג׳עט א מצרי, האָט ער באפוילן, אז מ׳זאָל אים כאפן און אים אָפּהאַקן דעם קאָפּ.

און דאמאָלט איז משה אנטלאָפן קיין מדין.

* * * *

.7

## „דער קנעכט פון גאָט"...

דער כהן (גלח) פון מדין האָט געהייסן יתרו. יתרו האָט אַלע זיינע יאָרן געדינט צו די אָפּגעטער פון מדין, און אזוי האָט ער געלערנט אויך די איינוואוינער פון גאנצן לאנד צו זיין געטרייע געצן־דינער.

אויף דער עלטער, אָבער, האָט ער זיך באטראכט, אז ס׳איז זייער נאריש צו גלויבן אין הילצערנע און שטיינערנע געטער, און ער האָט צונויפגערופן אַלע עלטסטע פון לאנד, און האָט צו זיי געזאָגט:

— איך קאָן מער ניט זיין אייער פריסט (גלח), ווייל איך גלויב מער ניט אין די אָפּגעטער, און אָפּנאַרן אייך וויל איך ניט. דערום קלייבט אייך אויס אַן׳אַנדער כהן אויף מיין אָרט!

ווען די עלטסטע פון מדין האָבן דערהערט יתרו׳ס ווערטער, זיינען זיי שטאַרק אין כעס געוואָרן אויף אים, און זיי האָבן אים געוואָלט טויטן; נאָר זיי האָבן זיך באדענקט, און אים געלאָזט לעבן, אפשר וועט ער שפּעטער חרטה האָבן.

און דערווייל האָבן זיי אויסגערופן איבערן גאנצן לאנד, אז קיינער זאָל מיט יתרו׳ן און מיט זיין הויזגעזינט זיך ניט באפריינדן ווי ביז איצט, און קיינער זאָל פאַר אים קיין שום אַרבעט ניט טאָן. דאָס הייסט: מ׳האָט יתרו׳ן אריינגעלייגט אין „חרם"; געמאַכט אויף אים א „באָיקאָט".

אַלע איינוואוינער האָבן זיך פון אים דערווייטערט. אַלע דינער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן פאַר אים. און אַפילו די פּאַס־טוכער האָבן איבערגעלאָזט די שאָף זיינע און זיינען אַנטלאָפן.

יתרו האָט געזען, אַז ער האָט ניט קיין אַרבעטער מער, האָט ער געשיקט זיינע טעכטער, אַז זיי זאָלן אַליין טאָן אַלע אַרבעטן אין הויז און אין פעלד.

נאָר ווען יתרו׳ס טעכטער פלעגן אָנקומען מיט זייער פאָטער׳ס שאָף צום ברונעם, האָבן די שטאָט־פּאַסטוכער זיי פאַרטריבן פון דאָרטן און ניט געלאָזט זיי אָנטרינקען די פי.

אין יענער צייט איז משה אָנגעקומען צום ברונעם פון מדין, און האָט דערזען ווי די פּאַסטוכער פאַלן אָן אויף די מיידלאך און טרייבן זיי פון דאָרט. האָט דאָס משה׳ן זייער פאַרדראָסן, און ער האָט זיי געהאָלפן אָנצוטרינקען די שאָף.

האָט גאָט געזאָגט:

— אָט דערפאַר וואָס משה האָט רחמנות געהאַט אויף די שוואַכע מיידלאך, און ער האָט זיי באַשיצט, וועט ער פון איצט אָן גערופן ווערן „דער קנעכט פון גאָט", און אַלע מענטשן וועלן וויסן, אַז נאָר יענע וואָס העלפן אַלע אונטערדריקטע און באַ־לייזדיקטע זיינען מיינע אמת׳ע קנעכט!...

* * * *

8.

## פרעה באָדט זיך אין אידיש בלוט

פרעה׳ס שנאה צו די אידן איז אַלץ געוואָרן גרעסער פון טאָג צו טאָג, און ער האָט זיי אַלץ מער געפּייניקט און געדריקט.

האָט גאָט געשלאָגן פרעה׳ן מיט אַ צרעת, און ער איז געוואָרן באַדעקט מיט קרעץ פון קאָפּ ביז די פיס.

און פרעה האָט גערופן די בעסטע דאָקטוירים פון לאַנד, נאָר קיינער האָט אים ניט געקאָנט אויסהיילן. די קרענק איז געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער, אַז זיין לעבן איז אים מיאוס געוואָרן.

האָבן אים איינמאָל די שטערנזעער און מכשפים געזאָגט:

— איין עצה איז נאָך פאַראַן פאַר דיר, קעניג! אַזוי ווי דיין בלוט איז פאַר׳סמ׳ט, זאָלסטו וואַשן דיין לייב אין בלוט פון קליינינקע אידישע קינדערלאַך, און דו וועסט אויסגעהיילט ווערן!

האָט פּרעה אַזוי געטאָן. ער האָט באַפוילן, אַז מ׳זאָל מיט געוואַלד צונעמען אידישע קינדער פון זייערע מאַמעס, און מ׳זאָל זיי קוילען, און פון זייער בלוט מאַכן פאַר אים אַ באָד!

אָבער די בלוט-בעדער האָבן ניט געהיילט, נאָר נאָך ערגער געמאַכט פּרעה׳ס קרענק. זיין קערפּער האָט אָנגעהויבן צו פוילן, און ער איז געשטאָרבן.

און זיין זון אדיקאָם האָט איבערגענומען די מלוכה.

* * * *

.9

## אידישע קינדער אין פּרעה׳ס געביידעס

אדיקאָם איז נאָך געווען אַ גרעסערער אכזר פון זיין טאַטן. ער האָט נאָך פיל שווערער געמאַכט דעם יאָך אויף די אידן, און נאָכמער פאַרביטערט זייער לעבן.

ער האָט ארויסגעגעבן אַ באַפעל צו די אויפזעער, אַז אויב אַ איד וועט ניט מאַכן אַלע טאָג זיין צאָל ציגל, זאָל ער פאַר יעדן ציגל, וואָס ס׳וועט פעלן, קריגן צען שמיץ מיט אַ שטעכיקן דראָט אויפן נאַקעטן לייב.

שפּעטער האָט זיך שוין דער יונגער פּרעה מיט דעם אויך ניט צופרידן געשטעלט, און ער האָט צוגעטראַכט אַ שווערע שטראָף, וואָס איז געווען אַ סך ערגער פון שמיץ. ער האָט גענומען צו באַשטראָפן די אידישע קינדער פאַר זייערע טאַטעס.

און ער האָט ארויסגעלאָזט אַ באַפעל:

— אויב אַ איד וועט ניט מאַכן די באַשטימטע צאָל ציגל פאַרן טאָג, זאָלן די אויפזעער נעמען זיינס אַ קינד און איינמויערן אין די ווענט פון דער געביידע!...

און די אויפזעער האָבן אָנגעהויבן צו כאַפּן אידישע קינדער פון די הייזער, און זיי האָבן געצוואונגען זייערע טאַטעס איינצו־מויערן זיי אין די מצרישע געביידעס.

דידאָזיקע שטראָף האָבן שוין די אידן ניט געקאָנט איבער־טראָגן. זיי האָבן זיך געבעטן, אַז מ׳זאָל זיי אַליין בעסער איינ־מויערן, אָנשטאָט זייערע אומשולדיקע קינדער, נאָר קיינער האָט זיי ניט געהערט.

די לעבעדיק-באַגראָבענע קינדער האָבן געוויינט און געשריען און זיך געבעטן, אַז די טאַטעס זאָלן זיי ראַטעווען. אָבער די טאַטעס האָבן זיי ניט געקאָנט העלפן, און זיי האָבן אויך געוויינט און געשריען און זיך געבעטן ביי גאָט, אַז ער זאָל זיי ראַטעווען.

און דאמאָלט האָט גאָט דערהערט זייער געשריי און געוויין, און ער האָט געזאָגט:

— איצט וועל איך שיקן מיין שליח, און איך וועל זיי אויס־לייזן מיט אַ שטאַרקער האַנט פון דער קנעכטשאַפט!

* * * *

.10

## משה ווערט דער שליח פון גאָט

פון זינט משה איז געקומען קיין מדין און האָט גענומען צפורה׳ן, יתרו׳ס טאָכטער, פאַר אַ ווייב, איז ער געווען אַ פאַסטוך און האָט שטענדיק געפיטערט זיין שווער׳ס שאָף אין דער מדבר.

איינמאָל האָט משה דערזען, ווי אַ יונג ציגעלע איז אַנטלאָפן פון דער סטאַדע. האָט ער זיך באַלד געלאָזט לויפן נאָך דעם ציגעלע צו כאַפּן און עס ברענגען צוריק, כדי עס זאָל ניט פאַר־בלאָנדזשען ערגיץ אין דער מדבר.

און, נאָכלויפנדיק, האָט ער באמערקט פון וויטן, ווי דאָס ציגעלע איז צוגעלאָפן צו אַ טייכל און עס האָט זיך געשטעלט טרינקען.

האָט משה פאַרשטאַנען, אַז דאָס ציגעלע איז געווען זייער

דורשטיק, און עס איז געלאָפן זוכן וואסער. און עס האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרצן פון גרויס רחמנות אויף דעם שטומען באַשעפעניש, און עס האָט אים פאַרדראָסן אויף זיך אליין, פאַרוואָס ער האָט דאָס ציגעלע ניט אָנגעטרונקען אין צייט, ווי אַ געטרייער פאַסטוך דאַרף טאָן.

און ער איז צוגעלאָפן צום ציגעלע און געזאָגט:

— אַ, מיין טייער ציגעלע! ווי שולדיק איך פיל זיך אַקעגן דיר. איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו ביזט דורשטיק, און איך האָב דיר נאָכגעיאָגט און האָב דיך אַזוי שטאַרק מיד געמאַכט!...

און משה איז געשטאַנען און געוואַרט ביז דאָס ציגעלע האָט זיך גוט אָנגעטרונקען. נאָכדעם האָט ער עס גענומען אויף זיינע פּלייצעס, און ער האָט עס אַזוי געטראָגן דעם גאַנצן וועג ביז צו דער סטאַדע.

— אַ, דו קליין, שוואַך ציגעלע! דו האָסט נעבאַך קיין כח ניט צו גיין אויף דיינע יונגע פיסעלאַך, דו ביזט מיד! — אַזוי האָט משה גערעדט צו דעם, און האָט עס געגלעט און געקושט מיט ליבשאַפט.

און אַז גאָט האָט דאָס דערזען, האָט ער געזאָגט:

— אויב משה האָט געקאָנט אַרויסווייזן אַזויפיל רחמנות און געטריישאַפט צו אַן איינציק ציגעלע, איז ער ווערט צו ווערן דער פירער פון מיין געפייניקטן און געפּלאָגטן פאָלק ישראל!...

און גאָט האָט אויסגעקליבן משה׳ן פאַר אַ שליח.

* * * *

.11

## די אידן און דער ברענענדיקער דאָרן

איינמאָל איז משה געזעסן אין דער מדבר, היטנדיק די שאָף, און ער האָט באַמערקט אַ דאָרן, וואָס איז געשטאַנען לעבן באַרג חורב.

משה האָט באַטראַכט דעם נידעריקן, שטעכיקן דאָרן, און ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין:

— אָט צו דעמדאָזיקן דאָרן איז מיין פאָלק געגליכן! נידעריק ווי דער דאָרן איז מיין פאָלק ביי די פרעמדע, און ווי דער שטעכיקער דאָרן איז מיין פאָלק ביי זיי אַלעמען פאַרהאַסט!...

און ער האָט געזוכט עצות, ווי אַזוי צו העלפן דעם געדריקטן פאָלק.

און פּלוצלינג האָט משה דערזען, ווי פון דעם דאָרן, אַקעגן אים, שפּאַרט ארויס אַ פלאַמפייער.

האָט זיך משה שטאַרק דערשראָקן, און ער האָט אויסגעשריען:

— וויי, וויי! צי וועט מיין פאָלק אויך אַזוי פאַרברענט און פאַרצערט ווערן, אַזוי ווי דערדאָזיקער דאָרן דאָ?!

און הייסע טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן פאַר שרעק און פאַר ווייטאָק.

נאָר אָט גייט אַוועק אַ שטיקל צייט, דער דאָרן האַלט אין איין ברענען, אָבער ער ווערט ניט פאַרברענט. דער פלאַם פלאַקערט צווישן די צווייגן, און דער דאָרן בלייבט גאַנץ ווי געוועזן.

און משה האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט אויף דעם גרויסן זעאונג. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָס באַטייט.

און אַ קול האָט זיך דערהערט פון צווישן דאָרן:

— משה! משה! גוט האָסטו געטאָן, וואָס דו האָסט צוגע־גליכן דאָס פאָלק ישראל צו אָט דעם שטעכיקן און נידעריקן דאָרן! אָבער וויסן זאָלסטו, אַז פונקט ווי דער דאָרן ברענט איצט און ווערט ניט פאַרברענט, אַזוי וועט אויך דאָס אידישע פאָלק קיינמאָל, קיינמאָל ניט פאַרברענט ווערן! קיין פייער וועט די אידן ניט קאָנען פאַרצערן, און קיין וואַסער וועט זייער ליכט ניט קאָנען אויסלעשן!...

* * * *

.12

# משה און אהרן אין פרעה'ס פּאַלאַץ

ארום פרעה'ס פּאַלאַץ איז געווען אויסגעבויט אַ הויכע שטאַרקע וואַנט. אין דער וואַנט זיינען געווען אַ סך טויערן. ביי יעדן טויער זיינען געשטאַנען אַ סך וועכטער, און קיינער האָט ניט געקאָנט אריינגיין און צוקומען צום פּאַלאַץ אָן אַ דערלויבעניש.

ווען משה און אהרן זיינען אריינגעגאַנגען אין פּאַלאַץ אריין און פרעה האָט זיי דערזען, האָט ער זיך דערשראָקן און האָט אויסגעשריען צו די וועכטער:

— ווער האָט עס דערלויבט אָט דידאָזיקע צוויי מענטשן אריינ־צוקומען אַהער? איך וועל אַלע וועכטער פאַר'משפּט'ן צום טויט דערפאַר!

מע האָט באַלד צונויפגערופן אַלע וועכטער, און פרעה האָט זיי אויסגעפרעגט. נאָר יעדער וועכטער האָט געשוואוירן, אַז ער האָט ניט געזען אָט די צוויי מענטשן דורכגיין דורכן טויער.

איז פרעה געוואָרן אין כעס, און ער האָט באַפוילן צו טויטן אַלע וועכטער, וואָרים ער האָט קיינעם פון זיי ניט געגלויבט.

האָט משה זיך אָנגערופן צו פרעה'ן:

— היט זיך, פאַרגיס ניט קיין אומשולדיק בלוט! דיינע וועכ־טער זאָגן אמת, זיי האָבן אונז טאַקע ניט געקאָנט זען דורכגיין דורך די טויערן! מיר האָבן אַליין דיין שטיינערנע וואַנט דורכ־געבראָכן און גלייך אריין צו דיר!...

האָט פרעה געהייסן באַפרייען זיינע וועכטער, און ער האָט געפרעגט משה און אהרנ'ען:

— ווער זיינט איר, וואָס איר ברעכט איין מיינע ווענט, און וואָס טוט איר דאָ?

האָבן זיי געענטפערט:

— מיר זיינען די שליחים פונם אידישן גאָט, און מיר זיינען

געקומען צו דיר מיט זיין באפעל, אַז דו זאָלסט ארויסשיקן די אידן פון מצרים!

איז פרעה געוואָרן אין כעס, און ער האָט אויסגעשריען:

— ווער איז ער, דער אידישער גאָט, וואָס ער וואַגט צו שיקן מיר באפעלן? איך האָב פון אים קיינמאָל ניט געהערט, און ער האָט מיר קיינמאָל אַפילו קיין מתנה ניט געשיקט, ווי אַנדערע געטער טוען!

האָבן משה און אהרן געשמייכלט און געזאָגט:

— אויב דו ווילסט, קאָן דיר אונזער גאָט שיקן זייער אַ סך „מתנות"...

האָט פרעה ניט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר „מתנות" זיי מיינען, און ער האָט שוין געזאָגט אַביסל געלאַסענער:

— וואַרט נאָר אַביסל, אָט וועל איך הייסן זוכן אין מיינע ביכער, אפשר וועל איך געפינען צווישן די נעמען פון אַלע געטער אויך דעם נאָמען פון אייער אידישן גאָט!

און פרעה האָט אריינגערופן דעם עלטסטן איבער זיין ביב-ליאָטעק (לאַיברערי), און האָט אים באפוילן צו ברייננגען דעם בוך פון די געטער.

דער עלטסטער האָט געבראכט דעם בוך. פרעה אַליין האָט געזוכט און דורכגעקוקט אַלע נעמען, נאָר דעם נאָמען פון אידישן גאָט האָט ער ניט געפונען.

און ער האָט ווידער אויסגעשריען מיט כעס:

— אָט האָב איך דאָ די נעמען פון אַלע געטער, און אייער גאָט איז דאָ ניט דערמאָנט!

האָבן משה און אהרן געענטפערט:

— אומזיסט די אַרבעט, פרעה! אונזער גאָט'ס נאָמען קאָנסטו דאָ ניט געפינען! אין דיינע ביכער האָסטו נאָר די נעמען פון די געטער, וואָס די מענטשן האָבן זיי באַשאַפן; אָבער אונזער גאָט איז דער, וואָס האָט באשאַפן די מענטשן!...

— וואו וואוינט ער, אייער גאָט?

— אומעטום; ניטאָ קיין אָרט, וואו ער זאָל דאָרט ניט וואוינען!...

— איז ער אַ יונגער, אָדער אַן אַלטער?

— ער לעבט פון אייביק ביז אייביק!...

— וואָס טוט ער, אייער גאָט?

ער באַשאַפט אַלעמאָל נייע וועלטן! אַלץ, וואָס דו זעסט און הערסט, איז באַשאַפן מיטן ווילן פון אונזער גאָט; — אַפילו דו אַליין לעבסט אויך נאָר מיט זיין ווילן;...

— ניט אמת! — שרייט אוים פּרעה — איך אַליין בין דער האַר פון דער וועלט! איך אַליין האָב זיך באַשאַפן, און קיין גרעסערער גאָט פון מיר איז ניטאָ! איך וועל אייער גאָט ניט פאָלגן, און איך וועל די אידן ניט ארויסלאָזן פון מיין לאַנד!...

האָבן משה און אהרן געענטפערט:

— אויב אַזוי, זאָלסטו וויסן, אַז אונזער גאָט וועט דיר שוין צושיקן אַזוינע „מתנות", אַז דו וועסט דערפילן זיין גרויסקייט, און דאַמאָלט וועסטו וויסן, ווער עס איז דער האַר פון דער וועלט!...



# העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מען באנוצט אין אידיש)

**ויקם מלך חדש** (און ס'איז אויפגעשטאַנען אַ נייער קעניג)
מ'זאָגט דאָס אויך אויף אַ נייעם פירער, אַ נייעם פאַרוואַלטער.

**הבה נתחכמה** (לאָמיר געפינען אַ קלוגע עצה).

**בעבודה קשה** (מיט שווערער אַרבעט)
ס'איז אַן „עבודה קשה". מ'זאָגט אויך: „עבודת פרך", שווערע אַרבעט, וואָס צעברעכט דעם גוף.

**וירא כי אין איש** (און ער האָט געזען, אַז קיינער איז ניטאָ).

**מי שמך?** (ווער האָט דיך געמאַכט — פאַר אַ האַר און אַ ריכטער איבער אונז?)

**מי אנכי?** (ווער בין איך דען?)

**פקוד פקדתי** (דערמאָנען האָב איך זיך דערמאָנט)
אָנשטאָט: איצט איז געקומען די צייט...

**לדור-דור** (אויף אייביקע דורות)
„אויף דור-דורות!"

**ארץ זבת חלב ודבש** (אַ לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניק)
ארץ-ישראל איז אַזוי גערופן געוואָרן. מ'זאָגט עס אויך אויף אַ לאַנד, וואו ס'איז דאָ אַ סך שפע, פרנסה.

**כבד פה** (אַ שווער מויל; אַ שטאַמלער).

**לא איש דברים אנכי** (ניט קיין מענטש פון רייד בין איך)
אָנשטאָט: „כ'בין נישט קיין רעדנער!"

**לך לשלום** (גיי מיט פרידן)
אָנשטאָט: „גיי געזונטערהייד!"

**נרפים אתם נרפים** (פוילע זיינט איר, פוילע!).

**ביד חזקה** (מיט אַ שטאַרקער האַנט).

סדרה

# וארא

(און איך האָב זיך באַוויזן)

## גאָט דערמאָנט זיין צוזאָג צו די אָבות

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און האָט אים געזאָגט:

— איך בין גאָט, „דער אייביקער". (און איך האָב דיך געשיקט, כדי איך זאָל מקיים זיין מיין צוזאָג צו די אָבות!) איך האָב זיך באַוויזן צו אברהם'ן, צו יצחק'ן און צו יעקב'ן מיט מיין נאָמען „שדי", דער אַלמעכטיקער; אָבער מיט מיין נאָמען „דער אייביקער" בין איך צו זיי ניט באַוואוסט געוואָרן, (נאָר צו דיר!) און איך האָב מיט די אָבות אויפגעשטעלט מיין בונד צו געבן זיי דאָס לאַנד כנען, וואו זיי האָבן געוואוינט. און איצט, אַז איך האָב געהערט דאָס געשריי פון די אידן, אַז די מצריים מאַכן זיי אַזוי שווער ארבעטן, האָב איך זיך דערמאָנט אָן מיין בונד. דערום, גיי און זאָג צו די אידן, אַז איך בין גאָט, דער אייביקער, און מיין בונד איז אויך אַן אייביקער, און איך וועל מקיים זיין מיין הבטחה. און איך וועל אייך אַרויסנעמען פון אונטער די שווערע לאַסטן פון מצרים, און איך וועל אייך מציל זיין פון דעם קנעכטשאַפט, און איך וועל אייך אויסלייזן מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם און מיט גרויסע משפטים, און איך וועל אייך נעמען פאַר מיין פאָלק, און איך וועל אייך ברענגען אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב געשוואוירן צו אייערע עלטערן!

האָט משה אַזוי גערעדט צו די בני־ישראל, אָבער זיי האָבן זיך ניט צוגעהערט צו אים, מחמת דעם קורצן געמיט און דער שווערער ארבעט זייערער!

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן אַזוי צו זאָגן:

— גיי צו פּרעה'ן דעם קעניג פון מצרים, און זאָג אים, אַז ער זאָל אַרויסשיקן די אידן פון זיין לאַנד!

האָט משה געזאָגט:

— זע, אַז די אידן אַליין האָבן מיך ניט צוגעהערט, היינט ווי אַזוי זאָל מיך פּרעה צוהערן? און דערצו בין איך נאָך אַ מענטש מיט פאַרשטאָפּטע ליפּן!

האָט גאָט גערעדט צו משה'ן און צו אהרנ'ען און האָט זיי ביידע באַפוילן צו גייען נאָכאַמאָל צו די אידן און צו פּרעה'ן, און זיי זאָלן געדולדיק מיט זיי רעדן.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— זע, איך האָב דיך געמאַכט ווי אַ גאָט צו פּרעה'ן, און דיין ברודער אהרן וועט זיין דיין נביא. דו וועסט רעדן צו אהרנ'ען אַלצדינג, וואָס איך וועל דיר באַפוילן, און אהרן וועט עס איבער־געבן פּרעה'ן, און ער וועט סוף־כל־סוף ארויסשיקן די אידן פון זיין לאַנד. אָבער איך וועל הארט מאַכן פּרעה'ס הארץ, און ער וועט אייך ניט וועלן פאָלגן, און דעמאָלט וועל איך געבן מיינע צייכנס און וואונדער, און מצרים וועט וויסן, אַז איך בין גאָט!

האָבן משה און אהרן אַזוי געטאָן, ווי גאָט האָט זיי באַפוילן.

משה איז אַלט געווען אַכציק יאָר, און אהרן — דריי און אַכציק יאָר, ווען זיי האָבן גערעדט צו פּרעה'ן.

* * * *

## משה און אהרן ווייזן דעם וואונדער־צייכן

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן און צו אהרנ'ען אַזוי:

— אויב פּרעה וועט אייך הייסן ווייזן אַ וואונדער, כדי צו זען אויב איר זיינט טאַקע שליחים פון גאָט, זאָלסטו, משה, זאָגן

צו אהרנ׳עו, אז ער זאָל אַ וואָרף טאָן זיין שטעקן פאַר פרעה׳ן און ער וועט ווערן אַ שלאַנג!

זיינען משה און אהרן געקומען צו פרעה׳ן, און זיי האָבן געטאָן אַזוי, ווי גאָט האָט באַפוילן. און אהרן האָט אַ וואָרף געטאָן זיין שטעקן פאַר פרעה׳ן און פאַר זיינע קנעכט, און ער איז געוואָרן אַ שלאַנג.

האָט אויך פרעה גערופן זיינע חכמים און כישוף־מאַכער (די חרטומים), און זיי האָבן אויך דאָסזעלבע געטאָן מיט זייערע קונצן; איטלאכער פון זיי האָט אַ וואָרף געטאָן זיין שטעקן, און זיי זיינען געוואָרן שלאַנגען.

אָבער אהרנ׳ס שטעקן האָט באַלד איינגעשלונגען אַלע זייערע שטעקנס.

און פונדעסטוועגן איז פרעה׳ס האַרץ געבליבן שטאַרק, און ער האָט זיך ניט געוואָלט צוהערן צו משה און אהרנ׳עו, — פונקט אַזוי ווי גאָט האָט פריער געזאָגט.

* * * *

## משה וואָרנט נאָכאַמאָל פרעה׳ן

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— גיי צו פרעה׳ן אין דערפרי, ווען ער גייט אַרויס צום וואַסער (צו בוקן זיך דאָרטן צום טייך), און שטעל זיך אַוועק אַנטקעגן אים ביים ברעג פון טייך, — און דעם שטעקן, וואָס איז געוואָרן אַ שלאַנג, זאָלסטו מיטנעמען אין דיין האַנט. און דו זאָלסט אים זאָגן: „דער גאָט פון די עברים האָט מיך ווידער געשיקט צו דיר מיט דעם באַפעל, אַז דו זאָלסט אַוועקלאָזן מיין פאָלק, זיי זאָלן מיך דינען אין דער מדבר!" און זע, איך וואָרן דיך, אין גאָט׳ס נאָמען: ביז אַהער האָסטו ניט געפאָלגט, און אויב דו וועסט איצט אויך ניט פאָלגן, וועל איך מיט אָט דעמדאָזיקן שטעקן, וואָס איז אין מיין האַנט, שלאָגן אויפן וואַסער פונם טייך, און עס וועט פאַרקערט ווערן אין בלוט. און די

פיש אין טייך וועלן אויסשטאַרבן, און דער טייך וועט פאַרשטינקען ווערן, און די מצריים וועלן ניט קאָנען טרינקען די וואַסער!

נאָר פרעה האָט נאָך דעמדאָזיקן וואָרעניש אויך ניט געוואָלט צוהערן צו משה׳ן.

* * * *

## גאָט שטראָפט פרעה׳ן מיט צען פּלאָגן (עשר מכות)

### די ערשטע מכה:

## דם (בלוט)

און משה מיט אהרנ׳ען האָבן געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן:

אהרן האָט אויפגעהויבן זיין שטעקן, און האָט מיט אים געשלאָגן דאָס וואַסער אין טייך, פאַר די אויגן פון פרעה׳ן און פאַר די אויגן פון זיינע קנעכט, — און באַלד איז דאָס גאַנצע וואַסער געוואָרן בלוט. און די פיש אין טייך זיינען אויסגעשטאָרבן, און דער גאַנצער טייך איז פאַרשטונקען געוואָרן, און די מצריים האָבן ניט געקאָנט טרינקען דאָס וואַסער פון טייך.

און דאָס בלוט איז געווען אין גאַנצן לאַנד מצרים.

האָבן די מכשפים (חרטומים) פון מצרים אויך געטאָן דאָס־זעלבע מיט זייערע קונצן. און פרעה׳ס הארץ איז אַלץ געבליבן פעסט, און ער האָט ניט געוואָלט צוהערן צו זיי.

און פרעה האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין הויז אריין, און ער האָט דעמדאָזיקן וואונדער אויך ניט גענומען צום הארצן.

און אַלע מצריים האָבן גענומען גראָבן אַרום טייך צו געפינען וואַסער צום טרינקען, וואָרים זיי האָבן נאָך אַלץ ניט געקאָנט טרינקען די וואַסער פון טייך, ביז עס זיינען אַריבער זיבן טעג, נאָכדעם ווי גאָט האָט אים געשלאָגן מיט דער מכה פון בלוט.

* * * *

די צווייטע מכה:

## צפרדע (פראָש)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— קום צו פרעה'ן, און זאָג אים אין מיין נאָמען: „שיק אַרוים מיין פאָלק, זיי זאָלן מיך דינען! און אויב דו וועסט ניט שיקן, וועל איך אָנשיקן די פלאָג פון פרעש (פראָגס) אין גאַנצן לאַנד. די פרעש וועלן אַרויפגיין פון טייך, און וועלן אָנקומען אין דיין הויז, אין דיין שלאָפצימער, און אויף דיין בעט; און אויך אין די הייזער פון דיינע קנעכט, און פון דיין גאַנצן פאָלק, און אין די אויוונס, און אין די טייג-מולטערס וועלן די פרעש אָנקומען!

נאָר פרעה האָט אַלץ ניט געוואָלט הערן.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— זאָג אהרנ'ען, אַז ער זאָל אויסשטרעקן זיין האַנט מיטן שטעקן אויף די שטראָמען, אויף די טייכן, און אויף די געמויזאַכצן, און ער זאָל אַרויסברענגען פרעש!

און אהרן האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אויף די וואַסערן פון מצרים, און די פרעש זיינען אַרויפגעגאַנגען, און זיי האָבן באַדעקט דאָס גאַנצע לאַנד.

האָבן די חרטומים (מכשפים) אויך געטאָן דאָסזעלבע מיט זייערע קונצן. און עס זיינען געוואָרן נאָכמער פרעש אין לאַנד. (אָבער צונעמען די פרעש האָבן שוין די חרטומים ניט געקאָנט).

האָט פרעה גערופן משה'ן און אהרנ'ען, און האָט צו זיי געזאָגט:

— בעט אייער גאָט, ער זאָל צונעמען די פרעש פון מיר און פון מיין פאָלק, און איך וועל אָוועקלאָזן די אידן, זיי זאָלן דינען גאָט!

האָט משה געזאָגט צו פרעה:

— באַרים זיך װעגן מיר. (אַז דו האָסט געבעטן עפּיס, וואָס איך קאָן עס ניט דערוווייזן!...) אויף ווען ווילסטו זאָל איך בעטן

גאָט, ,ער זאָל צונעמען די פרעש, און נאָר אין טייך זאָלן זיי בלייבן ?!

האָט פרעה געזאָגט:

— בעט, אַז אויף מאָרגן זאָלן די פרעש שוין ניט זיין!

האָט משה געזאָגט:

— איך וועל טאָן ווי דו פאַרלאַנגסט! כדי דו זאָלסט וויסן, אַז עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ גאָט ווי אונזער גאָט!

זיינען משה און אהרן אַרויסגעגאַנגען פון פרעה'ן, און משה האָט געבעטן צו גאָט וועגן די פרעש.

און גאָט האָט געטאָן אַזוי ווי משה האָט געבעטן, און די פרעש זיינען אויסגעשטאָרבן אומעטום. און מען האָט זיי צונויפ־געשאַרט הויפנס אויף הויפנס, אַזוי פיל, אַז דאָס לאַנד איז איבער זיי פאַרשטונקען געוואָרן.

און ווי נאָר פרעה האָט געזען, אַז עס איז געוואָרן אַ דער־לייכטערונג, ניטאָ מער די פּלאָג אין לאַנד, אַזוי האָט ער ווידער האַרט געמאַכט זיין האַרץ, און ער האָט ניט געוואָלט האַלטן זיין פאַרשפּרעכן.

* * * *

די דריטע מכה:

## כנים (אומפלייט, לייז)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— זאָג אהרנ'ען, אַז ער זאָל אויסשטרעקן דעם שטעקן און שלאָגן דעם שטויב פון דער ערד, און עס זאָל ווערן פונם שטויב כנים אין גאַנצן לאַנד מצרים!

האָבן זיי אַזוי געטאָן. און אהרן האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט מיט'ן שטעקן, און ער האָט געשלאָגן דעם שטויב פון דער ערד, און עס איז געוואָרן כנים אין מענטשן און אין בהמות; דער גאַנצער שטויב פון דער ערד איז געוואָרן לייז אין גאַנצן לאַנד מצרים.

האָבן די חרטומים אויך געטאָן דאָסזעלבע מיט זייערע קונצן, און געוואָלט אַרויסברייגגען כנים, אָבער זיי האָבן דאָס ניט געקאָנט.

און זיי האָבן געזאָגט צו פּרעה׳ן:

— דאָס איז ווירקליך שוין „אַ פינגער פון גאָט״; (קיין מענטש קאָן אַזאַ זאַך ניט מאַכן!...)

אָבער פּרעה׳ס האַרץ איז אַלץ געבליבן פעסט, און ער האָט ניט צוגעהערט צו משה׳ן און צו אהרנ׳ען.

* * * *

די פירטע מכה:

## ערוב (געמיש פון גיפטיקע פליגן)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— שטיי אויף גאַנצפרי, און שטעל זיך פאַר פּרעה׳ן, ווען ער גייט אַרויס צו בוקן זיך צום וואַסער (פון טייך נילוס), און דו זאָלסט אים זאָגן: ״אַזוי האָט גאָט געזאָגט: שיק אַרויס מיין פאָלק, זיי זאָלן מיך דינען! וואָרים אויב ניט, וועל איך אָנשיקן אויף דיר אַ געמיש פון בייזע און גיפטיקע פליגן, וואָס וועלן אָנפילן אַלע הייזער פון גאַנץ מצרים, און אויך די ערד וועט זיין פול מיט זיי. און איך וועל אָפּזונדערן אין יענעם טאָג דאָס לאַנד גושן, וואו מיין פאָלק וואוינט, אַז דאָס געמיש פון פליגן זאָל דאָרט ניט זיין, כדי דו זאָלסט וויסן, אַז איך בין גאָט אויף דער וועלט! אויף מאָרגן וועט זיין דערדאָזיקער צייכן!״

און גאָט האָט אַזוי געטאָן. און עס איז געקומען אַ געדיכט געמיש אין הויז פון פּרעה׳ן, און אין הויז פון זיינע קנעכט, און אין גאַנצן לאַנד מצרים. און דאָס לאַנד איז פאַרוויסט געוואָרן פון דעם ערוב.

האָט פּרעה גערופן משה׳ן און אהרנ׳ען, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— גייט, שעכט קרבנות צו אייער גאָט דאָ אין לאַנד!
האָט משה געזאָגט:

— עס איז ניט רעכט אַזוי צו טאָן! וואָרים די „געטער" פון מצרים (דאָס חומש רופט זיי „תועבה", אומווירדיגקייט, מיאוסע זאַך...) וועלן מיר דאָך שעכטן צו אונזער גאָט! און אַז מיר וועלן שעכטן די געטער פון מצרים פאַר זייערע אויגן, צי וועלן זיי אונז ניט פאַרשטיינען? ניין, מיר דאַרפן גיין דריי טעג וועגס אין מדבר, און דאָרטן וועלן מיר שלאַכטן קרבנות צו אונזער גאָט, אַזוי ווי ער וועט אונז הייסן!
האָט פרעה געזאָגט:

— איך וועל אייך אָפּלאָזן, איר זאָלט קוילען צו אייער גאָט אין מדבר; נאָר צו ווייט זאָלט איר ניט גייען! בעט גאָט פאַר מיר!
האָט משה געזאָגט:

— זע, איך גיי אַרויס פון דיר און וועל בעטן גאָט, און דאָס געמיש וועט מאָרגן אַוועק פון דיר און פון דיינע קנעכט און פון דיין פאָלק, נאָר דו זאָלסט אָבער מער ניט שפּעטן (מאַכן שפּאַס) און ווידער ניט אַרויסשיקן דאָס פאָלק!

און משה איז אַרויסגעגאַנגען פון פרעה'ס הויז, און האָט געבעטן גאָט. און גאָט האָט אָפּגעטאָן (צוגענומען) דאָס געמיש, אַז קיין איינציקע פליג איז ניט איבערגעבליבן.

אָבער פרעה האָט אויך דאָס מאָל געמאַכט האַרט זיין האַרץ, און ער האָט דאָס פאָלק ניט אָפּגעלאָזט.

* * * *

די פינפטע מכה:

## דבר (מגפה, עפּידעמיע)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— קום צו פרעה'ן און רעד צו אים: „אַזוי האָט דער גאָט פון די עברים געזאָגט: שיק מיין פאָלק, און זאָלען זיי מיך דינען!

וואָרים אויב ניט, אויב דו וועסט זיי נאָך האַלטן, וועט די „האַנט פון גאָט" זיין אויף דיין פי, וואָס אין פעלד; אַ זייער שווערע מגפה וועט זיין אויף די פערד, אייזלען, קעמלען, רינדער און שאָף! און גאָט וועט אָפּזונדערען די אידישע פי פון די מצרישע פי; און פון די אידישע וועט גאָרנישט שטאַרבן! מאָרגן וועט דאָס אַלצ-דינג גאָט טאָן!

און אויף מאָרגן האָט גאָט אַזוי געטאָן. די גאַנצע פי פון מצרים איז אויסגעשטאָרבן.

און פרעה האָט געשיקט קיין גושן צו זען, וואָס עס טוט זיך מיט די אידישע פי; נאָר פון די אידישע פי איז אַפילו קיין איינ-ציקס ניט געשטאָרבן.

אָבער פרעה׳ס האַרץ איז אַלץ געבליבן האַרט, און ער האָט דאָס פאָלק ניט אָפּגעלאָזט.

* * * *

די זעקסטע מכה:

## שחין (גרינד, אַן אויסשלאָג)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן און צו אהרנ׳ען:

— נעמט אייך אַן פולע הויפנס (זשמעניעס) אַש פון אַ קאַלכ-אויוון, און זאָל עס משה אַ וואַרף טאָן אַקעגן הימל פאַר די אויגן פון פרעה׳ן. און עס וועט ווערן דערפון אַ שטויב איבערן גאַנצן לאַנד מצרים, און עס וועט ווערן אַ שחין, אַן אויסשלאָג פון גרינד-לאַך און בלאָטערן (באַילס, בליסטערס) אויף מענטשן און אויף בהמות אומעטום.

האָבן משה און אהרן גענומען אַש פון אַ קאַלכאויוון, און זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר פרעה׳ן, און משה האָט עס אַ וואַרף געטאָן אַקעגן הימל, און עס איז געוואָרן אַ שחין פון גרינדלאַך און בלאָטערן אויף אַלע מענטשן און אויף אַלע בהמות.

און די חרטומים האָבן ניט געקאָנט שטייען פאַר משה׳ן, איבער

דעם אויסשלאָג פון גרינדלאך אויף זייערע לייבער. און זיי האָבן שוין אַפילו ניט געפּרואווט צו וועלן נאָכמאַכן די דאָזיקע מכה.
אָבער גאָט האָט פעסט געמאַכט פּרעה'ס הארץ, און ער האָט אַלץ ניט צוגעהערט צו משה'ן און צו אהרנ'ען.

* * * *

די זיבעטע מכה:

## ברד (אַ האָגל)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:
— שטיי אויף גאַנץ פרי, און שטעל זיך פאַר פּרעה'ן, און זאָג צו אים: „אַזוי האָט דער גאָט פון די עברים געזאָגט: שיק ארויס מיין פאָלק, און זאָלן זיי מיך דינען! ווארים דאָס איצטיקע מאָל שיק איך אָן אַ סך פּלאָגן אויף דיר און אויף דיינע קנעכט און אויף דיין פאָלק, כדי דו זאָלסט וויסן, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ גאָט, ווי איך, אויף דער גאַנצער וועלט! איך וואָלט אַצינד אויסגע־שטרעקט מיין האַנט און וואָלט דיך און דיין פאָלק געשלאָגן מיט אַ מגפה, אַז דו וואָלסט פארטיליגט (פארשוואונדן) געוואָרן פון דער ערד. אָבער איך האָב דיך געלאָזט לעבן נאָר דערפאַר, כדי צו ווייזן דיר מיין כח, און מע זאָל לויבן מיין נאָמען איבער דער גאַנצער וועלט. נאָך דריקסטו מיין פאָלק, און ווילסט זיי ניט ארויסשיקן, — מאָרגן, אין דער צייט, וועל איך מאַכן רעגענען זייער אַ שווערן האָגל, וואָס אַזאַ איז נאָך ניט געווען אין מצרים, זינט דאָס לאַנד איז געבויט געוואָרן! און אַצינד שיק און זאַמל איין דיין פי פון פעלד, ווייל יעדער מענטש און בהמה, וואָס וועט זיך געפינען אין פעלד, און וועט ניט ארייננגענומען ווערן אין הויז, וועט דער האָגל אויף זיי פאַלן און זיי וועלן אַלע געטויט ווערן!"
דער, פון פּרעה'ס דינער, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר גאָט'ס וואָרט, האָט ארייננגענומען זיינע קנעכט און פי אין די הייזער; און דער, וואָס האָט גאָט'ס וואָרט ניט גענומען צום הארצן, האָט איבערגעלאָזט די קנעכט און פי אין פעלד.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— שטרעק אויס דיין האַנט צום הימל, און זאָל ווערן אַ האָגל אין גאַנצן לאַנד מצרים!

האָט משה אַזוי געטאָן, און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין שטעקן צום הימל, און עס האָט אָנגעהויבן צו דונערן און צו בליצן, און אַ פייער איז אַראָפּ אויף דער ערד, און אַ האָגל איז געפאַלן, אַזאַ שטאַרקער האָגל געמישט מיט פלאַקערדיקן פייער, וואָס איז נאָך ניט געווען אין מצרים, זינט עס איז געוואָרן אַ פאָלק.

און דער האָגל האָט אויסגעשלאָגן אַלצדינג, וואָס איז געווען אין פעלד, פון אַ מענטשן ביז אַ בהמה, און יעדן בוים האָט ער צובראָכן, און יעדעס גרעזעלע האָט ער אויסגעקלאַפּט, אין גאַנצן לאַנד מצרים.

נאָר אין לאַנד גושן, וואו די אידן האָבן געוואוינט, איז קיין האָגל ניט געווען.

האָט פרעה געשיקט רופן משה'ן און אהרנ'ען, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— דאָס איצטיקע מאָל זע איך, אַז איך האָב געזינדיקט! גאָט איז דער גערעכטער (דער צדיק) און איך מיט מיין פאָלק זיינען די אומגערעכטע (די רשעים)! בעט צו גאָט, און זאָלן אויפהערן די דונערן און דער האָגל, און איך וועל אייך אָפּלאָזן, און איר וועט זיך דאָ מער ניט פאַרהאַלטן!

האָט משה צו אים געזאָגט:

— ווי נאָר איך גיי אַרויס פון שטאָט, וועל איך בעטן צו גאָט, און די דונערן מיטן האָגל וועלן מער ניט זיין, כדי דו זאָלסט וויסן, אַז די וועלט געהערט צו גאָט, און ער קאָן אַלץ טאָן. אָבער איך ווייס, אַז דו און דיינע קנעכט האָט איר נאָך אַלץ ניט מורא פאַר גאָט.

און משה איז אַרויסגעגאַנגען פון פרעה'ן אויס דער שטאָט, און ער האָט געבעטן צו גאָט, און די דונערן און דער האָגל האָבן אויפגעהערט.

און ווי נאָר פּרעה האָט געזען, אַז די מכה איז אַריבער, אַזוי האָט ער ווידער געזינדיקט, און ער האָט האַרט געמאַכט זיין האַרץ און דאָס האַרץ פון זיינע קנעכט, און ער האָט אַלץ ניט אַוועק־געשיקט די אידן.

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## דער לייב און דאָס אייזל

(אַ פאַבל)

דאָס אייזל איז געזעסן ביים פּאָרט פונם ים און האָט געהיט די שיפן, וועלכע קומען אריין און גייען אָפּ פון דאָרט, און פון יעדער שיף האָט עס איינגעמאָנט די שטייערן (דיוטים).

איז איינמאָל געקומען דער לייב, דער קעניג פון די חיות, באגלייט פון אַ פוקס, אלס זיין באדינער, און זיי האָבן זיך אריינגעזעצט אין אַ שיף און געוואָלט אָפּפאָרן.

האָט דאָס אייזל אַ כאַפּ געטאָן דעם שטריק פון שיף, צוגעצויגן צוריק צום ברעג, און האָט געזאָגט צו די פּאסאזשירן:

— באצאָלט מיר פריער די שטייערן, אַז ניט וועל איך אייער שיף ניט לאָזן אָפּפאָרן פון דאַנען!

האָט זיך דער פוקס אָנגערופן צום אייזל:

— דו נאַריש אייזל, זעסטו דען ניט, אַז דער לייב אַליין, דער קעניג פון די חיות, איז געקומען אַהער? ווי וואַגסטו אַזוי צו רעדן צו אונז?

האָט דאָס אייזל אַ שאָקל געטאָן מיט זיין נאַרישן קאָפּ און געענטפערט:

— איך האָב קיינמאָל דעם קעניג ניט געזען, און איך ווייס ניט ווער ער איז!...

ווען דער פוקס האָט דאָס דערציילט דעם לייב, איז ער געוואָרן זייער אויפגערייצט, האָט באַלד פאַרצוקט דאָס אייזל, און האָט עס איבערגעגעבן צום פוקס מיט אַזאַ באַפעל:

— נעם באַלד און מאַך צורעכט דאָס אייזל, און לעג אוים

אַלע אברים און אָרדענונג און ברייננ זיי צו מיר פּאַרטיק צום עסן!

האָט דער פוקס אַזוי געטאָן. ער האָט אָפּגעשונדן די פעל פון אייזל, צורעכט־געמאַכט דאָס פלייש, און אויסגעלעגט אַלע אברים באַזונדער. און ווען ער האָט דערזען דאָס שווערע האַרץ פונם אייזל, האָט ער עס אויפגעגעסן.

ווען דער לייב איז געקומען צום עסן, און ער האָט איבער־געקוקט אַלע אברים, און האָט דאָס האַרץ ניט געפונען, האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם פוקס:

— זאָג נאָר, וואו איז דעם אייזל׳ס האַרץ?

האָט דער קלוגער פוקס געענטפערט:

— אָ, גרויסער קעניג! איך האָב געדענקט, אַז דאָס נאַרישע אייזל האָט נאָר קיין מח ניט, און איצטער האָב איך געזען, אַז עס האָט קיין האַרץ אויך ניט! וואָרים ווען עס וואָלט געהאַט אַ האַרץ, וואָלט עס דאָך ניט געווען אַזוי שלעכט, און דו וואָלסט עס ניט געווען אַזוי שווער באַשטראָפט!...

---

דאָס איז אַ משל אַקעגן פּרעה׳ן:

אַז פרעה האָט קיין מח ניט געהאַט, האָבן אַלע געוואוסט, וואָרים אַ מענטש מיט שכל וועט ניט זאָגן אויף זיך, אַז ער איז אַ גאָט. אָבער אַז ער האָט אויך קיין „האַרץ" ניט געהאַט, האָט מען ערשט שפּעטער זיך דערוואוסט...

וואָרים ווען פרעה זאָל געווען האָבן אַ „האַרץ", וואָלט ער דאָך ניט געווען אַזאַ רשע, און גאָט וואָלט אים ניט געווען אַזוי שווער באַשטראָפט...

* * * *

.2

## אַ פּלאָג פאַר אַ פּלאָג

פרעה און די מצרים זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט דיזעלבע פּלאָגן, וואָס זיי האָבן געפּלאָגט די אידן.

דאָס הייסט, אַז גאָט האָט זיי באַצאָלט „מדה כנגד מדה" (אַ מאָס פאַר אַ מאָס).

צען פּלאָגן האָבן די אידן געהאַט אין מצרים, און פּונקט אַזעלכע צען מכות האָט גאָט אויף די מצרים אָנגעשיקט:

א) די מצרים האָבן געצוואונגען די אידן צו זיין ביי זיי וואַסער־טרעגער, און די הענט זיינען ביי די אידן געווען אַזוי שטאַרק צעווייקט פון וואַסער, אַז בלוט פלעגט שפּריצן, — זיינען דערפאַר די וואַסערן פאַרקערט געוואָרן אין בלוט, און די מצרים האָבן ניט געהאַט וואָס צו טרינקען. (דם.)

ב) די מצרים האָבן געצוואונגען די אידן צו טראָגן פאַר זיי די שווערסטע משאות פון סחורות און תבואות, — האָבן דערפאַר די פרעש אַ תל געמאַכט (רואינירט, חרב געמאַכט) פון אַלע עסנ־וואַרגן און סחורות. (צפרדע).

ג) די מצרים האָבן געצוואונגען די אידן צו גראָבן ערד און צו רייניקן פאַר זיי אַלערליי שמוציקע ערטער, און די אידן זיינען דורכדעם אומריין און לייזיק געוואָרן, — זיינען זיי דערפאַר גע־שלאָגן געוואָרן מיט לייז אין גאַנצן לאַנד. (כנים).

ד) די מצרים האָבן געצוואונגען די אידישע פרויען צו זיין דינסטן ביי זיי אין די הייזער, און דורכדעם זיינען די אידישע קינדער אומגעקומען, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט ווער עס זאָל אויף זיי אַכטונג געבן, — האָט דערפאַר דאָס געמיש פון די גיפ־טיקע פליגן פאַרגיפטעט די מצרישע קינדער. (ערוב).

ה) די מצרים האָבן געצוואונגען די אידן נאָך זייער שווערער בייטאָגיקער אַרבעט אויך צו פּאַשען זייערע פי ביינאַכט, — איז דערפאַר געקומען אַ מגפה אויף די מצרישע פי. (דבר).

ו) די מצרים האָבן געצוואונגען די אידן צו זיין זייערע בע־דערס און זיי אויך וואַשן די אומריינע וועש, פון וואָס די אידן פלעגן ווערן קראַנק, — זיינען זיי דערפאַר געשטראָפט געוואָרן מיט דעם אויסשלאַג אויף זייערע לייבער. (שחין).

ז) די מצרים פלעגן אָפט פאַרוואַרפן זייערע אידישע קנעכט

מיט שטיינער און זיי דערשלאָגן צום טויט, — איז דערפאַר אויף זיי געקומען דער האָגל, וואָס האָט געטויט אַ סך פון זיי. (ברד).

ח) די מצרים האָבן געצוואונגען די אידן צו רייניקן זייערע גאָרטנס פון די אַלערליי פליגעלאַך און אינסעקטן, און פאַר יעדער קאַליע פרוכט האָט מען זיי געשלאָגן, — איז דערפאַר געקומען דער היישעריק און האָט פאַרדאָרבן אַלע בוימער און פרוכטן און תבואות. (ארבה).

ט) די מצרים האָבן אָפט אריינגעזעצט זייערע פאַרשולדיקטע אידישע קנעכט אין די פינצטערע געפענקענישן, — איז דערפאַר אויף זיי געקומען דאָס פינצטערניש אויף דריי טעג. (חושך).

י) די מצרים האָבן געוואָלט אומברייגגען אַלע בעסטע און שטאַרקסטע אידישע זין, און צונעמען די שענסטע אידישע טעכ־טער, — זיינען דערפאַר אומגעקומען ביי זיי אַלע ערשט־געבוירענע. (בכורות).

* * * *

3.

## מ'טאָר ניט באַצאָלן קיין רעה פאַר קיין טובה

גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן, אַז ער זאָל הייסן אהרנ'ען שלאָגן די וואַסער אין טייך, אָבער ער אַליין זאָל דאָס ניט טאָן.

משה האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען און האָט געפרעגט:

— וואָרום זאָל איך אַליין דאָס ניט טאָן?

האָט גאָט צו אים געזאָגט:

— געדענק, משה, אַ מענטש טאָר ניט אָפּצאָלן מיט קיין רעה פאַר אַ טובה! ווען דיין מאַמע האָט דיך אריינגעלייגט אין אַ קעסטל און האָט עס אָפּגעלאָזט אויפן ברעג פון טייך, האָבן די וואַסערן זיך געהאַלטן רואיק און זיי האָבן דיך ניט פאַרפלייצט און ניט דערטרונקען, — און דערפאַר טאָרסטו זיי, אָט די וואַסערן, קיין שלעכטס ניט טאָן!...

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**המדברים** (די וואָס רעדן)

„אַ מדבר", „אַ דברן" (אַ מענטש וואָס רעדט אַ סך)

**תנו לנו מופת** (גיט אונז אַ וואונדער)

„באַווייזן אַ מופת". „אויפטאָן מופתים").

**חמרים—חמרים** (הויפנס אויף הויפנס)

**למחר יהיה האות הזה** (אויף מאָרגן וועט זיין דערדאָזיקער צייכן)

אָנשטאָט: „מאָרגן וועט די זאַך געשען".

**חטאָתי** (כ'האָב געזינדיקט)

„ער שרייט שוין חטאָתי". „ער שלאָגט זיך על־חטא".

סדרה

# בא

(קום)

## די אכטע מכה:

## ארבה (אַ היישעריק)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— קום צו פרעה׳ן, וואָרים איך האָב האַרט געמאַכט זיין האַרץ און דאָס האַרץ פון זיינע קנעכט, כדי איך זאָל טאָן דידאָזיקע אַלע צייכנס מיינע צווישן אים, און כדי דו און דאָס גאַנצע פאָלק זאָלט דערציילן די זין און זינ׳ס־זין (אייניקלאך), וואָס איך האָב געטאָן אין מצרים, און איר זאָלט וויסן אַז איך בין גאָט!

זיינען משה און אהרן געקומען צו פרעה׳ן און האָבן אים געזאָגט:

— אַזוי האָט דער גאָט פון די עברים געזאָגט: „ביז וואַנען וועסטו ניט וועלן זיין אונטערטעניק פאַר מיר? שיק אַרויס מיין פאָלק און זאָלן זיי מיך דינען! וואָרים אויב ניט, ברייננ איך מאָרגן אַ היישעריק אין דיין גרענעץ, און ער וועט פאַרדעקן די מראה (אָנבליק) פון דער ערד, אַז מע וועט זי ניט קאָנען אַרויסזען, און ער וועט אויפעסן דעם רעשט, וואָס איז אייך נאָך געבליבן פונם האָגל.

און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון פרעה׳ן.

האָבן פרעה׳ס קנעכט צו אים געזאָגט:

— ביז וואַנען וועט דערדאָזיקער מענטש זיין אַ שטרויכלונג פאַר אונז? שיק אַוועק די מענטשן און זאָלן זיי דינען זייער גאָט! צי נאָך ווייסטו ניט, אַז מצרים איז פאַרלוירן?

האָט מען געשיקט אומצוקערן משה'ן און אהרנ'ען צו פּרעה'ן, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— גייט, דינט אייער גאָט! אָבער ווער־און־ווער זיינען דאָס די גייערס?...

האָט משה געזאָגט:

— מיר אַלע, מיט אונזערע יונגע און מיט אונזערע אַלטע וועלן מיר גיין! מיט אונזערע שאָף און רינדער וועלן מיר גיין! וואָרים אַ יום־טוב צו גאָט איז ביי אונז.

האָט פּרעה געזאָגט:

— זאָל גאָט אַזוי זיין מיט אייך, ווי איך וועל אייך אַוועקשיקן מיט אייערע משפּחות! זעט, עס שטייט אייך פאַר אַ רעה (שלעכטס)! ניט אַזוי ווי איר דענקט; נאָר די מענער אַליין זאָלן גיין, וואָרים איר זוכט זיך עפּעס אַ רעה!

און מע האָט זיי ארויסגעטריבן פון פּרעה'ן.

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— שטרעק אויס דיין האַנט אויפ'ן לאַנד מצרים און שלאָג עס מיטן היישעריק!

האָט משה אַזוי געטאָן, און גאָט האָט געמאַכט ווייען (בלאָזן) אַ מזרח־ווינט דעם גאַנצן טאָג און די גאַנצע נאַכט, און ווי ס'איז נאָר געוואָרן פרימאָרגן, האָט דער ווינט אָנגעטראָגן דעם היישעריק. און דער היישעריק איז געבליבן ליגן זייער שווער אין לאַנד מצרים; אַזאַ היישעריק, וואָס עס איז פאַר אים אַזוינער נאָך ניט געווען, און נאָך אים וועט שוין אַזוינער ניט זיין. ער האָט פאַרדעקט די שיין פון לאַנד, און ס'איז געוואָרן פינצטער דאָרט, און ער האָט אויפגעגעסן יעדער גרעזל און יעדע פרוכט פון בוים, וואָס דער האָגל האָט נאָך איבערגעלאָזט.

האָט פרעה געאײַלט צו רופן משה׳ן און אהרנ׳ען און האָט געזאָגט:

— חטאתי! איך האָב געזינדיקט צו אײַער גאָט און צו אײַך! און אַצינד, פאַרגיב מיר, כ׳בעט דיך, בלויז דאָס אײנציקע מאָל, און בעט צו גאָט, אַז ער זאָל צונעמען פון מיר אָט דעמדאָזיקן טויט!

האָט משה אַזוי געטאָן, און גאָט האָט איבערגעדרייט דעם מזרח־ווינט אויף אַ מערבֿ־ווינט, זייער אַ שטאַרקן, און ער האָט אוועקגעטראָגן דעם היישעריק און האָט אים אַרײַנגעשטעקט אין ים־סוף. קיין אײנציקער היישעריק איז ניט געבליבן אין גאַנץ מצרים.

און גאָט האָט ווידער פעסט געמאַכט פרעה׳ס האַרץ, און ער האָט ניט אַוועקגעשיקט די אידן.

* * * *

די נײַנטע מכה:

## חושך (פינצטערניש)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— שטרעק אויס דײַן האַנט צום הימל, און זאָל ווערן אַ פינצטערניש איבערן לאַנד מצרים, אַזאַ פינצטערניש, אַז מ׳זאָל עס קאָנען אָנטאַפּן!

האָט משה אַזוי געטאָן, און עס איז געוואָרן אַ שטאָק־פינצטערניש אין גאַנצן לאַנד מצרים אויף דריי טעג, אַז זיי האָבן אײנער דעם אַנדערן ניט געזען, און קײנער האָט זיך ניט אויפגעהויבן פון זײַן אָרט די אַלע דריי טעג.

אָבער ביי די בני־ישראל איז געווען ליכטיק אומעטום, וואו זיי זײַנען געזעסן.

האָט פרעה גערופן משה׳ן און האָט געזאָגט:

— גייט, דינט גאָט, און זאָלן שוין אײַערע הויזגעזינטן אויך גיין מיט אײַך, נאָר אײַערע שאָף און רינדער זאָלן דאָ פאַרבלײַבן!

האָט משה געענטפערט:

— ניט נאָר אונזערע אייגענע שאָף און רינדער וועלן מיטגיין מיט אונז, אַז עס וועט אַפילו קיין קלוי ניט איבערבלייבן, נאָר אויך דו וועסט אונז מוזן געבן פון דיינע פי פאַר קרבנות, צו מקריב זיין צו אונזער גאָט, ווייל מיר ווייסן ניט וויפיל מיר וועלן דאַרפן צו דינען גאָט, ביז מיר וועלן קומען אַהין!

און גאָט האָט ווידער שטאַרק געמאַכט פּרעה׳ס האַרץ, און ער האָט זיי ניט געוואָלט אַוועקשיקן.

און פּרעה האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— גיי אַוועק פון מיר! היט זיך, דו זאָלסט מער מיין פּנים ניט זען, וואָרים אין טאָג, ווען דו קומסט מיך נאָכאַמאָל זען, וועסטו געטויט ווערן!

האָט משה געענטפערט:

— ריכטיק האָסטו גערעדט, — איך וועל שוין מער דיין פּנים טאַקע ניט אָנקוקן!...

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— נאָך איין פּלאָג וועל איך ברייגנען אויף פּרעה׳ן און אויף מצרים, און דערנאָך וועט ער אייך אַוועקשיקן פון דאַנען; און אַז ער וועט אייך שיקן, וועט ער אייך אינגאַנצן אַרויסטרייבן פון דאַנען. רעד צום פאָלק און היים זיי, אַז איטליכער מאַן זאָל אַנט־לייען פון זיין חבר, און איטליכע פרוי פון איר חבר׳טע, זילבערנע כלים און גאָלדענע כלים!

און משה האָט געזאָגט צו פּרעה׳ן:

— אַזוי האָט גאָט געזאָגט: אַרום האַלבער נאַכט וועל איך אַרויסגיין צווישן מצרים, און עס וועט שטאַרבן יעדער בכור, פון פּרעה׳ס בכור, וואָס דאַרף זיצן אויפן טראָן, ביז דעם בכור פון דער קלענסטער דינסט, וואָס דאַרף זיצן הינטער די מילשטיינער. און אויך יעדער בכור פון די בהמות וועט שטאַרבן. און עס וועט ווערן אַ גרויס געשריי אין גאַנצן לאַנד, וואָס איז נאָך אַזוינס ניט געווען און עס וועט ניט זיין. און אויף אַלע בני־ישראל וועט אַפילו

קיין הונט ניט אַ שאַרף טאָן זיין צונג צום בילן, כדי איר זאָלט ווייסן, אַז גאָט אַליין מאַכט אָפּשיידן צווישן מצרים און צווישן ישראל. און דאַן וועלן אַלע דיינע קנעכט, אָט די וואָס שטייען דאָ ביי דיר אין פּאַלאַץ, אַראָפּנידערן צו מיר, און וועלן זיך בוקן צו מיר, און בעטן: „גיי ארויס, דו און דיין גאַנץ פאָלק, וואָס גייען דיר נאָך פוס־טריט!״...

און משה איז ארויסגעגאַנגען פון פּרעה׳ן מיט גרימצאָרן (כעס).

* * * *

## גאָט באַפעלט משה׳ן צו לערנען די אידן ווי אַזוי צו מאַכן דעם „קרבן פסח״.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן און צו אהרנ׳ען אין לאַנד מצרים אַזוי:

— אָט דערדאָזיקער חודש, ניסן, זאָל ביי אייך זיין דער ערשטער פון די חדשים פון יאָר. אין דעם צענטן טאָג פון דעם־דאָזיקן חודש זאָל איטליכער נעמען אַ לעמעלע פאַר זיין הויזגעזינט. און אויב די משפחה איז צו קליין פאַר אַ גאַנץ לעמעלע, זאָל ער אינאיינעם מיט זיין נאָענטסטן שכן נעמען אַ לעמעלע. לויט די צאָל פון די נפשות זאָלט איר זיך ציילן אויפן לעמעלע. דאָס לעמעלע דאַרף זיין אָן אַ פעלער (מום), און נאָר אַ זכר, אַ יאָר אַלט. און איר זאָלט עס אָפּהיטן ביז דעם פערצענטן טאָג, און דאַן זאָל די גאַנצע עדה אידן שעכטן דעם קרבן־פסח, אַקעגן אָוונט.

און זיי זאָלן נעמען פון בלוט און באַשמירן אויף ביידע בייטשטידלאַך (מזוזות) און אויף דעם אויבערשטידל אין די הייזער, וואו זיי וועלן עסן. און דאָס פלייש מוז געגעסן ווערן ניט האַלבגעבראָטן און ניט געקאָכט אין וואַסער, נאָר געבראָטן אויפן פייער, און נאָר אין דערדאָזיקער נאַכט, עס זאָל גאָרניט איבערבלייבן אויף מאָרגן פרי, און אויב עס בלייבט, זאָל עס פאַרברענט ווערן. מיט מצות און מיט ביטערע קרייטעכצער זאָלן זיי אים עסן.

און אַט אַזוי זאָלט איר אים עסן: אייערע לענדן אָנגעגורט, אייערע שיך אויף די פיס, אייער שטעקן אין די הענט, און עסן אין איילעניש!

און איך וועל איבערגיין איבערן לאַנד אין דערדאָזיקער נאַכט, און כ׳וועל שלאָגן יעדן בכור, און וועל משפּט׳ן אַלע געטער פון מצרים. און דאָס בלוט פון קרבן וועט זיין פאַר אייך אַ צייכן: ווען איך וועל זען דאָס בלוט, וועל איך איבערהיפּן איבער אייך און ס׳וועט ניט זיין צווישן אייך קיין שום מגפה!

און דערדאָזיקער טאָג זאָל ביי אייך זיין פאַר אַ זכרון (אָנדענק) צו פייערן אים אויף אַלע אייערע דורות, ווי אַן אייביק געזעץ. זיבן טעג זאָלט איר עסן מצות. (פונם פערצענטן טאָג אין ניסן, אין אָוונט, ביזן איין און צוואַנציקסטן טאָג, אין אָוונט.) נאָר אין ערשטן טאָג פּסח זאָל דאָס זויערטייג (חמץ) שוין זיין אויסגעראַמט פון אייערע הייזער, וואָרים דער וואָס וועט עסן חמץ, פון ערשטן ביזן זיבעטן טאָג, וועט פאַרשניטן ווערן פון פאָלק ישראל.

און משה האָט גערופן אַלע עלטסטע פון ישראל און האָט צו זיי גערעדט וועגן אַלצדינג, וואָס גאָט האָט אים באַפוילן, און ער האָט געזאָגט:

— אַז איר וועט קומען אין לאַנד, וואָס גאָט וועט אייך געבן, ווי ער האָט צוגעזאָגט, זאָלט איר אָפּהיטן דידאָזיקע עבודה. און ווען אייערע קינדער וועלן אייך פרעגן: „וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַן עבודה?״ זאָלט איר זאָגן: „דאָס איז אַ קרבן־פּסח צו גאָט, ווייל ער האָט איבערגעהיפּט איבער די הייזער פון די בני־ישראל (איבערהיפּן איז אין העברעאיש: פּסח) ווען ער האָט געשלאָגן מצרים!״

און דאָס פאָלק האָט געהערט און האָט זיך גענייגט און געבוקט.

* * * *

### די צענטע מכה:

## מכת בכורות (פּלאָג פון די בכורים)

און עס איז געקומען אין האַלבער נאַכט, האָט גאָט געשלאָגן יעדן בכור אין לאַנד מצרים, פון מענטשן און פון בהמות.

איז פרעה אויפגעשטאַנען ביינאַכט, ער און אַלע זיינע קנעכט, און גאַנץ מצרים, און עס איז געוואָרן אַ גרויס געשריי, וואָרים עס איז ניט געווען קיין איין הויז, וואו עס זאָל ניט זיין קיין מת.

און ער האָט גערופן משה'ן און אהרנ'ען ביינאַכט, און האָט געזאָגט:

— שטייט אויף, גייט אַרויס פון צווישן מיין פאָלק, סיי איר און סיי אַלע בני-ישראל, און גייט דינט גאָט, ווי איר האָט געזאָגט! אויך אייערע שאָף און אייערע רינדער נעמט מיט זיך און גייט, און בענטשט מיך אויך!

און די מצרים זיינען צוגעשטאַנען צום פאָלק, אַרויסצושיקן זיי וואָס גיכער פון לאַנד, וואָרים זיי האָבן זיך געשראָקן: „מיר וועלן אַלע אויסשטאַרבן!"

און די אידן האָבן געכאַפּט זייער טייג איידער עס איז זויער געוואָרן, און זיי האָבן עס איינגעבונדן אין טיכער און געטראָגן אויף די אַקסלען. און זיי האָבן געליען פון די מצרים זילבערנע און גאָלדענע כלים, און קליידער, ווי משה האָט זיי געהייסן.

און די אידן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון רעמסס קיין סוכות אַרום זעקס הונדערט טויזנט מענער, אַחוץ קינדער. און אויך אַ גרויסער געמיש (ערב רב) פון פרעמדע שבטים איז מיט זיי מיטגעגאַנגען, און זייער פיל שאָף און רינדער.

און זיי האָבן געבאַקן מצה-קוכנס, וואָרים דאָס טייג וואָס זיי האָבן אַרויסגעטראָגן פון מצרים איז ניט געזייערט געוואָרן, און זיי האָבן זיך ניט געקאָנט דאָרטן פאַרזאַמען און צוגרייטן שפּייז.

די אידן זיינען געזעסן אין מצרים פיר הונדערט און דרייסיק יאָר. אַ וואַך-נאַכט איז עס געווען ביי גאָט, ווען ער האָט זיי

ארויסגענומען פון מצרים, און אַ וואַך־נאַכט דאַרף עס בלייבן ביי אַלע אידן אויף אייביקע דורות.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן און אהרנ'ען דעם דין פון קרבן־פסח: קיין פרעמדגעבוירענער טאָר פון אים ניט עסן. ווען אַ קנעכט ווערט אַ איד (גע'מל'ט) דאמאָלט מעג ער עסן פון אים. דאָס פלייש טאָר מען פון הויז ניט ארויסטראָגן. קיין ביין טאָר מען פון אים ניט צוברעכן. אַ פרעמדער, וואָס וואוינט צווישן אידן און וויל אויך מאַכן אַ קרבן־פסח, מוז ער פריער ווערן אַ איד, און ערשט דאמאָלט ווערט ער גלייך מיט אַלע.

„איין געזעץ זאָל זיין פאַר דעם איינגעבוירענעם און פאַר דעם פרעמדן, וואָס וואוינט צווישן אייך!"

* * * *

## גאָט הייליקט אַלע בכורים פון די אידן

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן:

— איצט זאָלסטו הייליק מאַכן יעדן בכור. אַלע ערשטגעבוירענע סיי פון מענטשן און סיי פון בהמות זאָלן געהערן צו מיר.

און משה האָט געזאָגט צום פאָלק:

— געדענקט דעמדאָזיקן טאָג, ווען איר זיינט ארויסגעגאַנגען פון מצרים. וואָרים מיט אַ שטאַרקער האַנט האָט אייך גאָט ארויס־געצויגן פון דאַנען. און אַז ער וועט אייך ברענגען אין לאַנד פונם כנעני, וואָס ער האָט געשוואוירן צו אייערע עלטערן צו געבן אייך, אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, זאָלט איר טאָן דידאָזיקע עבודה אין חודש ניסן.

נאָר מצות זאָלט איר עסן, און קיין חמץ זאָל ביי אייך ניט געזען ווערן. און איטליכער זאָל דערציילן זיין זון אין יענעם טאָג: „אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס גאָט האָט מיר געטאָן ביים ארויסגיין פון מצרים!"

און עס זאָל זיין פאַר אַ צייכן אויף דיין האַנט, און פאַר אַן אָנדענק צווישן דיינע אויגן, כדי די תורה פון גאָט זאָל זיין אין דיין

מויל. און זאָלסט אָפּהיטן דאָסדאָזיקע געזעץ אין זיין אָפּגעשטעלטער צייט פון יאָר צו יאָר.

און איטליכן ערשטגעבוירענעם זכר זאָלסטו אָפּשיידן צו גאָט; און איטליכער ערשטגעבוירענער זכר פון אַ בהמה וואָס דו וועסט האָבן, זאָל געהערן צו גאָט.

און יעדן בכור פון אַן אייזל זאָלסטו אויסלייזן מיט אַ לעמעלע (און אַוועקגעבן דאָס לעמעלע צום כהן). און אויב דו וועסט עס נים אויסלייזן, זאָלסטו דעם אָפּהאַקן דעם נאַקן (הרג'ענען דאָס אייזל, ווייל מע טאָר קיין הנאה נים האָבן דערפון).

און יעדן בכור פון אַ מענטשן צווישן דיינע זין זאָלסטו אויס־לייזן (מע דאַרף באַצאָלן פאַר אים פינף זילבער־שקלים צום כהן. דאָס רופט מען "פדיון הבן").

און עס וועט זיין, אַז דיין זון וועט דיך שפּעטער פרעגן: פאַר־וואָס איז דאָס? זאָלסטו אים זאָגן: דאָס איז דערפאַר וואָס מיט אַ שטאַרקער האַנט האָט אונז גאָט אַרויסגעצויגן פון מצרים, פונם הויז פון קנעכטשאַפט, און עס איז געווען, אַז פרעה האָט זיך איינגע־שפּאַרט און נים געוואָלט אונז אַוועקשיקן, האָט גאָט גע'הרג'עט יעדן בכור אין מצרים, פון אַ בכור פון אַ מענטשן ביז אַ בכור פון אַ בהמה; דערום שלאַכט איך צו גאָט איטליכן ערשטגעבוירענעם זכר, — און יעדן בכור פון מיינע זין לייז איך אויס.

און עס זאָל זיין פאַר אַ צייכן אויף דיין האַנט, און פאַר אַ שטערנ־באַנד צווישן דיינע אויגן (די גמרא האָט דערפון אָפּגעלערנט, אַז דאָס מיינט די תורה צו לייגן תפילין אויף דער האַנט און אויפן קאָפּ); וואָרים מיט אַ שטאַרקער האַנט האָט אונז גאָט אַרויסגעצויגן פון מצרים.

———:: ———

# מעשיות און לעגענדעס

## .1

## פרעה'ס עצה העלפט ניט

דער היישעריק איז געווען אזוי פיל און אזוי גרויס, אז ער האט פארשטעלט די שיין פון דער זון און א פינצטערניש איז געווארן אין לאנד, און ער האט אויפגעגעסן און פארניכטעט פון דער בעסטער פרוכט אויף די בוימער ביז דעם קלענסטן גרעזעלע אין פעלד.

די מצריים זיינען געלאפן צו פרעה'ן, און זיי האבן באלאגערט זיין פאלאץ, און געוויינט און געבעטן, אז ער זאל שיקן נאך משה'ן און טאן ווי ער פאדערט, אבי דאס לאנד זאל ניט אומקומען פון הונגער.

האט פרעה געשיקט רופן משה'ן און אהרנ'ען און געזאגט צו זיי:

— א, כ'האב געזינדיגט צו אייער גאט! בעט איצט ביי אים, אז ער זאל צונעמען פון מיר אט דידאזיקע גרויסע מכה, און איך וועל טאן אלץ, וואס איר ווילט נאר!

און צו די מצריים האט פרעה געזאגט:

— כ'האב פאר אייך א גוטע עצה! נעמט שוין אלע אייערע הויז־כלים, פעסער און טעפ און קעסטלאך, און פאקט זיי אן מיט דעם היישעריק, וויפיל איר קענט נאר, און זאלצט אים איין, וועט איר האבן אויף א לאנגע צייט צו עסן!...

די מצריים האבן אים געפאלגט. זיי האבן איינגעזאלצן דעם היישעריק, און אנגעפאקט וויפיל איטליכער האט געקאנט.

און אז גאט האט פארביטן דעם מזרח־ווינט אויף א מערב־ווינט, וועלכער האט דעם היישעריק אוועקגעטראגען פון מצרים,

האָט דערדאָזיקער ווינט אַרויסגעריסן אפילו די געזאַלצענע היי־שעריקן פֿון די כלים, און ביי די מצריים איז ניט געבליבן אַפילו איינער.

און דאמאָלט האָבן די מצריים געזאָגט, אַז פּרעה קאָן קיין שום עצה אַקעגען דעם אידישן גאָט ניט געפינען...

* * * *

.2

# אַ שטראָף פֿאַר די אידישע רשעים

אין מצרים זיינען געווען אויך אַ סך אידישע רשעים, שונאים פֿון זייער אייגן פֿאָלק.

עס האָט זיי ניט געאַרט אַלע צרות און פּייניקונג, וואָס זייערע ברידער, די אידן, טראָגן איבער פֿון פּרעה׳ן און זיינע קנעכט.

דאָס זיינען געווען אַזוינע אידן, וואָס האָבן אָנגעקליבן אַסך גאָלד און זילבער אין מצרים, און זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט די גויים, גערעדט און געקליידט זיך ווי די גויים, געדינט די מצרישע אָפּגעטער, און דערפֿאַר האָבן זיי די מצרים געלאָזט פֿריי.

ווען עס איז אָנגעקומען די מכה פֿון פֿינצטערניש אין לאַנד, האָבן די מצריים זיך ניט געקאָנט רירן פֿון די ערטער. ווען איינער איז געשטאַנען און זיך געוואָלט אַוועקזעצן, אָדער ווען איינער איז געזעסן און זיך געוואָלט אויפשטעלן, האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אין עפּיס און האָט זיך צעקלאַפּט דעם קאָפּ און דעם גאַנצן קערפּער.

זיינען דאַמאָלט אויך די אידישע רשעים געשטראָפט געוואָרן מיט אַ קרענק, פֿון וועלכער זיי זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן.

ווייל ווען עס איז געווען ליכטיק, האָט זיי גאָט ניט געוואָלט שטראָפֿן, כדי די מצריים זאָלן ניט זאָגן, אַז די אידן ווערן אויך געשלאָגן, און דאָס איז נאָר אַזאַ צופֿאַל. אָבער אין די דריי פֿינצ־טערע טעג האָט גאָט באַשטראָפֿט די אידישע רשעים פֿאַר זייערע זינד.

די געפּייניקטע אידן האָבן אַלץ געזען, און זיך געפֿרייט. זיי

זיינען אריינגעקומען צו די מצריים אין די הייזער, און זיי האָבן געזען וויפיל גאָלד און זילבער עס ליגט דאָרט, אָבער זיי האָבן קיין זאַך ניט אָנגערירט אַפילו. נאָר ווען זיי זיינען אריינגעקומען צו די אידישע רשעים, וועלכע זיינען געלעגן קראַנק, האָבן יענע געבעטן די אידישע ברידער, אַז זיי זאָלן זיי מוחל זיין און בעטן גאָט פאַר זיי, און דערפאַר האָבן זיי אוועקגעגעבן דאָס גאַנצע רייכטום, וואָס זיי האָבן פאַר זיך אָנגעקליבן.

און דאַמאָלט איז באַשאַפן געוואָרן דאָס ווערטל:

„דער רשע זאַמלט רייכטום, און דער צדיק געניסט דערפון!...”

* * * *

.3

## די צענטע מכה

אָרום האַלבער נאַכט, ווען גאָט האָט געשלאָגן די בכורים אין מצרים, זיינען אַלע געקומען צולויפן מיט אַ געוויין צו פרעה'ן אין פאַלאַץ:

— קעניג, דערבאַרעם זיך איבער אונזערע קינדער! שיק אַרויס די אידן, און זאָל אונז גאָט ניט פּלאָגן מער! שוין ניטאָ קיין איין הויז, וואו ס'זאָל קיין מת ניט זיין!...

האָט פרעה זיך אויפגעכאַפּט און האָט אויפגעוועקט זיין טאָכטער בתיה'ן און האָט זי געשיקט בעטן משה'ן פאַר'ן לאַנד. פרעה האָט געוואוסט, אַז ער איז אַליין שולדיג אין דערדאַזיקער שרעקליכער מכה, און ער האָט מורא געהאַט, אַז משה וועט אים שוין מער ניט גלויבן זיינע צוזאָגן (הבטחות).

איז בתיה געקומען צולויפן צו משה'ן און האָט אים אָנגעהויבן בעטן:

— זע, דערמאָן זיך, משה, וויפיל גוטס כ'האָב דיר געטאָן! כ'האָב דיך ווי אַן אייגן קינד אָפּגעהיט, כ'האָב דיך געלערנט און געמאַכט גרוים, איז מיט דעם צאָלסטו אָפּ מיין פאָלק?...

האָט משה איר געענטפערט:

— עס איז דאָך שוין די צענטע מכה, וואָס גאָט ברייגנט אויף מצרים, און דו אַליין האָסט ניט געליטן אַפּילו פון איינער! דיר, ליבע בתיה, וועט ווייטער אויך קיין שלעכטס ניט געשען! זיי זיכער!

האָט בתיה געוויינט און געבעטן:

— אָבער, משה טייערער, מיין פאָטער, פּרעה דער גרויסער קעניג, איז דאָך אויך אַ בכור, און אויב ער וועט שטאַרבן איצט, וועל איך דאָס ניט קענען איבערטראָגן!..

האָט משה געזאָגט:

— זיי רוהיק, בתיה, דיין פאָטער, דער קעניג פּרעה, וועט ניט שטאַרבן איצט, ווייל אונזער גרויסער גאָט וויל אים אומיסטן לאָזן לעבן, כדי ער זאָל זען די אַלע וואונדער מיט זיינע אייגענע אויגן, און ער זאָל מודה זיין, אַז אונזער גאָט איז דער איינציקער אויף דער גאַנצער וועלט פון אייביק ביז אייביק!..

———::———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מען באַנוצט אין אידיש)

**מי ומי ההולכים** (ווער און ווער זיינען די גייערס).

**וימש חושך** (און מ'זאָל אָנטאַפּן דאָס פינצטערניש) „ס'איז ממש וימש חושך".

**בנערינו ובזקנינו נלך** (מיט די יונגע און מיט די אַלטע וועלן מיר גייען) אַנשטאָט: „אַלע וועלן מיר גייען".

**לא יחרץ כלב לשונו** (קיין הונט וועט ניט שאַרפן זיין צונג) אָנשטאָט: „קיין הונט וועט ניט אַ ביל טאָן"; „מ'האָט געגעבן לא יחרץ געלט"... (אָנשטאָט: שוחד, כאַבאַר).

**בחפזון** (אין איילעניש).

**כי אין בית אשר אין שם מת** (ניט געווען קיין הויז, וואו ס'איז דאָרטן קיין טויטער ניט געווען).

סדרה

# בשלח

(ביים אוועקשיקן)

## פרעה יאָגט נאָך די אידן

און עס איז געווען, אז פרעה האָט אוועקגעשיקט די אידן, האָט זיי גאָט ניט געפירט דורכ׳ן לאַנד פון די פלישתים, הגם עס איז נאָענט צום לאַנד כנען; ווייל גאָט האָט געטראַכט: טאָמער וועט דאָס פאָלק חרטה האָבן, ווען זיי וועלן דערזען, אז די פלישתים ווילן מיט זיי מלחמה האַלטן, און זיי וועלן זיך אומקערן קיין מצרים.

און גאָט האָט זיי געפירט אַרום, אויפן וועג פונם מדבר, ביים ים־סוף (דער רויטער ים). און די אידן זיינען ארויסגעגאַנגען באוואָפנטע פון מצרים.

און משה האָט מיטגענומען מיט זיך יוספ׳ס ביינער, ווי ער האָט באַשוואָרן די קינדער פון ישראל. און זיי זיינען געגאַנגען פון סוכות און האָבן גערוט אין איתם, ביים עק מדבר.

און גאָט איז זיי געגאַנגען פאָראויס, בייטאָג האָט ער זיי מיט א וואָלקן־זייל געפירט אויפן וועג, און ביינאַכט האָט ער זיי מיט א פייער־זייל באַלויכטן דעם וועג; כדי צו קאָנען גיין בייטאָג און ביינאַכט.

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אזוי צו זאָגן:

— רעד צו די אידן, זיי זאָלן זיך אומקערן צוריק און רוען פאַרן בעל־צפון (אַ מצרישער אָפּגאָט) ביים ים. און פּרעה וועט דאָך געווים זאָגן, אַז די אידן בלאָנדזשען, דער מדבר האָט זיי איינ־געשלאָסן, און זיי ווייסן ניט דעם וועג. און איך וועל הארט מאַכן פּרעה׳ם הארץ, און ער וועט זיי נאָכיאָגן. און דאמאָלט וועל איך ערשט האָבן כבוד דורך פּרעה׳ן און דורך זיין גאַנצן חיל, און זיי וועלן וויסן, אַז איך בין גאָט.

און עס איז געזאָגט געוואָרן צו פּרעה׳ן, אַז דאָס פאָלק איז אַנטלאָפן, און זיי ווילן זיך שוין מער ניט אומקערן קיין מצרים. האָט פּרעה, און זיינע קנעכט, חרטה געהאַט, און זיי האָבן גע־זאָגט: וואָס האָבן מיר דאָ געטאָן? מיר האָבן ארויסגעשיקט די אידן, און זיי וועלן אונז שוין מער ניט דינען!

האָט פּרעה איינגעשפּאַנט זיין רייטוואָגן, און ער האָט נאָך גענומען מיט זיך זעקס הונדערט געקליבענע רייטוואָגנס פון מצרים און די עלטסטע איבער זיי, און ער מיט זיין פאָלק האָבן נאָכגעיאָגט די אידן און זיי דערגרייכט ביים ים.

און ווי נאָר פּרעה און זיין חיל האָט זיך דערנענטערט, האָבן די אידן זיי דערזען, און זיי האָבן זייער מורא געהאַט, און זיי האָבן אָנגעהויבן שרייען צו גאָט.

און זיי האָבן געזאָגט צו משה׳ן:

— זיינען דען קיין קברים ניטאָ אין מצרים, וואָס דו האָסט אונז ארויסגענומען צו שטאַרבן דאָ אין דער מדבר? וואָס האָסטו אונז געטאָן? מיר האָבן נאָך אין מצרים דיך געבעטן: לאָז אונז צורו און לאָמיר אַרבעטן אין מצרים! וואָרים עס איז דאָך בעסער צו אַרבעטן אין מצרים, איידער צו שטאַרבן אין דער מדבר!

האָט משה געזאָגט צום פאָלק:

— איר זאָלט קיין מורא ניט האָבן! שטייט און זעט די ישועה פון גאָט! וואָרים ווי איר זעט היינט די מצריים, וועט איר זיי שוין מער אייביק ניט זען! גאָט וועט פאַר אייך מלחמה האַלטן, און איר שווייגט שטיל!

# משה שפּאַלט דעם ים

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— וואָס שרייסטו צו מיר? רעד צו די אידן, און זאָלן זיי ציען ווייטער! און דו, הויב אויף דיין שטעקן איבערן ים און שפּאַלט אים, — און די אידן וועלן גיין אינמיטן ים אין דער טריקעניש!

און דער מלאך פון גאָט, וואָס איז געגאַנגען פאַראויס דער אידישער מחנה, האָט אַוועקגעצויגען און איז געגאַנגען פון הינטער זיי. און אויך דער וואָלקן-זייל איז אַוועק פון פאָרנט (פראָנט) און זיך געשטעלט הינטער זיי, און אַזוי האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט צווישן דער מצרישער מחנה און צווישן דער אידישער מחנה. דאָרט ביי די מצרים איז געווען אַ וואָלקן און אַ פינצטערניש, און דאָ ביי די אידן איז געווען ליכטיק פון דעם פייער-זייל. און איין מחנה האָט ניט גענענט צו דער צווייטער אַ גאַנצע נאַכט.

און משה האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט איבערן ים, און גאָט האָט געמאַכט טרייבן דעם ים מיט אַ שטאַרקן מזרח-ווינט, און די וואַסערן האָבן זיך געשפּאָלטן און דער ים איז געוואָרן אַ טריקעניש.

און די אידן זיינען אריינגעקומען אינמיטן ים אויף דער טרי-קעניש, און די וואַסערן זיינען פאַר זיי געבליבן שטיין ווי אַ מויער פון זייער רעכטער זייט און פון זייער לינקער זייט.

און די מצרים האָבן זיי נאָכגעיאָגט, און פּרעה'ס אַלע פערד און רייטוואָגנס מיט זייערע רייטערס זיינען אויך אריין אינמיטן ים.

און עס איז געווען אין דער פרימאָרגן-צייט, האָט גאָט אַראָפּ-געקוקט אויף דער מצרישער מחנה מיט אַ זייל פון פייער און וואָלקן, און ער האָט די מצרים פאַרטומלט, און זיי זיינען געפאָרן מיט שווערקייט.

און די מצרים האָבן געזאָגט:

— לאָמיר אַנטלויפן פון די אידן, וואָרים גאָט האַלט פאַר זיי מלחמה מיט אונז!

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— שטרעק אוים דיין האנט אויפן ים, און זאָלן זיך די וואַסערן אומקערן אויף די מצרים!

האָט משה אַזוי געטאָן, און דער ים האָט זיך אומגעקערט צו זיין שטאַרקייט. און די מצרים זיינען אים פונקט געלאָפן אַנט־קעגן, און גאָט האָט זיי אַריינגעטרייסלט אינמיטן ים, און די וואַסערן האָבן פאַרדעקט אַלע מצרים מיט זייערע רייטוואָגנס, אַז עס איז אַפילו איינער פון זיי ניט געבליבן.

און די אידן זיינען אַריבער דעם ים אין טריקעניש, און זיי האָבן דערזען די מצרים טויטע אויפן ברעג פון ים. און ווען ישראל האָט געזען דאָס גרויסע שטאַרקייט, וואָס גאָט האָט געטאָן אַקעגן מצרים, האָט דאָס פאָלק מורא געהאַט פאַר גאָט, און זיי האָבן געגלויבט אין גאָט און אין זיין קנעכט משה׳ן.

* * * *

## דאָס ליד ביים ים

(די שירה „אָז ישיר״)

דאַמאָלט האָט משה און די אידן געזונגען דאָסדאָזיקע ליד צו גאָט:

איך וועל זינגען צו גאָט,
וואָרים ער האָט זיך זייער דערהויכט;
דאָס פערד מיט זיין רייטער
האָט ער געשליידערט אין ים!

גאָט איז מיין שטאַרקייט און מיין לויב,
ער איז מיר געוועזן אַ ישועה (הילף);
אָט דאָס איז מיין גאָט, כ׳וועל אים באַשיינען,
גאָט פון מיין פאָטער, כ׳וועל אים דערהויבן.

גאָט איז דער העלד פון מלחמה, —
דער „אייביקער״ איז זיין נאָמען!

פרעה׳ס רייטוואָגן און זיין חיל
האָט ער אין ים אַריינגעוואָרפֿן,
און זיינע געקליבענע עלטסטע
זיינען אין ים־סוף געזונקען.

די אָפּגרונטן האָבן זיי צוגעדעקט,
ווי אַ שטיין אין די טיפֿענישן גענידערט.

דיין רעכטע האַנט, גאָט, —
דו, פֿרעכטיקער, מיט שטאַרקייט, —
דיין רעכטע האַנט, גאָט,
טוט צעברעכן דעם פֿיינט!

און מיט דיין פֿיל גרויסקייט
צעשטערסטו דיינע קעגנשטעלער;
שיקסט דיין גרימצאָרן,
און ער פֿאַרברענט זיי ווי שטרוי.

און פֿונם אָטעם פֿון דיינע נאָזלעכער (כעס)
זיינען די וואַסערן הויפֿנס געוואָרן,
און ווי אַ מויער געבליבן שטיין
זיינען די אַלע שטראָמען.

די אָפּגרונטן זיינען פֿאַרגליווערט געוואָרן
אין האַרצן פֿון דעם ים.

דער פֿיינט האָט געזאָגט:
כ׳וועל נאָכיאָגן, כ׳וועל דערגרייכן,
כ׳וועל צעטיילן דעם רויב,
מיין זעל׳ס באַגער וועט דערפֿילט ווערן מיט זיי.

כ׳וועל ארויסציען מיין שווערד, —
מיין האַנט וועט זיי פאַרטיליקן.

האָסטו אַ בלאָז געטאָן מיט דיין אָטעם,
האָט זיי דער ים צוגעדעקט,
זיי זיינען איינגעזונקען ווי בליי
אין די שטאַרקע וואַסערן.

ווער איז גלייך צו דיר, גאָט,
צווישן אַלע געטער?
ווער איז גלייך צו דיר,
דו, פרעכטיקער, מיט הייליגקייט!

פאַרכטיק צו דערציילן דיינע לויב,
דו, טוער פון וואונדער!

האָסט אויסגעשטרעקט דיין רעכטע האַנט,
האָט זיי די ערד איינגעשלונגען;
האָסט געפירט מיט דיין חסד
ס׳פאָלק וואָס דו האָסט אויסגעלייזט.

האָסט געפירט מיט דיין שטאַרקייט
צו דיין הייליקן וואוינונג.

פעלקער האָבן געהערט,
האָבן זיי געציטערט;
אַ ציטערניש האָט אָנגעכאַפּט
די איינוואוינער פון לאַנד פלשתים.

דערשראָקן האָבן זיך דאמאָלט אדום׳ס פירשטן,
מואָב׳ס הארן האָט אַ שוידער דורכגענומען,
צעגאַנגען זיינען געוואָרן פון שרעק
אַלע איינוואוינער פון כנען.

אַ שרעק און אַ פחד איז געפאַלן אויף זיי ;
דורך דעם גרויסקייט פון דיין אָרעם
זיינען זיי שטיל געבליבן ווי אַ שטיין,
ביז דיין פאָלק, גאָט, איז אַריבער.

ביז ס׳איז אַריבער דאָס פאָלק,
וואָס דו האָסט אויסגעקויפט.

זאָלסט זיי ברייגנען און זיי פארפלאַנצן
אויפן באַרג פון דיין ירושה (כנען),
דאָס אָרט, וואָס דו האָסט געמאַכט
פאַר דיר, גאָט, צו וואוינען.

צום הייליקטום, אָ גאָט,
וואָס דיינע הענט האָבן אויפגעשטעלט !

גאָט וועט קיניגן
אויף אייביק און שטענדיק !

* * * *

## דאָס ליד פון מרים

און מרים די נביאה, אהרנ׳ס שוועסטער, האָט גענומען די פויק אין איר האַנט, און נאָך איר זיינען ארויסגעגאַנגען אַלע ווייבער מיט פויקן און מיט טענץ.

און מרים האָט געזונגען פאַר זיי :

זינגט צו גאָט,
וואָרים ער האָט זיך זייער דערהויכט;
דאָס פערד מיט זיין רייטער
האָט ער געשליידערט אין ים!

* * * *

## משה מאַכט זיס דאָס וואַסער אין מדבר

און משה האָט געמאַכט גיין די אידן פון ים-סוף, און זיי זיינען ארויסגעגאַנגען צום מדבר שור. און זיי זיינען געגאַנגען דריי טעג אין מדבר און האָבן קיין וואַסער ניט געפונען.

און זיי זיינען געקומען קיין מרה, אָבער זיי האָבן דאָס וואַסער אין מרה ניט געקענט טרינקען, ווייל עס איז געווען ביטער. דערום האָט מען דאָס אָרט גערופן מרה. (מרה הייסט ביטער אין העב־רעאיש).

און דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— וואָס וועלן מיר דאָ טרינקען?

האָט משה געשריען צו גאָט, און גאָט האָט אים אָנגעוויזן אַ בוים, און ער האָט אים אריינגעוואָרפן אין וואַסער, און דאָס וואַסער איז געוואָרן זיס.

דאָרטן האָט גאָט זיי געמאַכט געזעצן און דינים, און דאָרטן האָט ער דאָס פאָלק אויסגעפּרואווט.

און גאָט האָט געזאָגט:

— אויב דו וועסט צוהערן צום קול פון דיין גאָט, און דו וועסט טאָן וואָס איז ריכטיק אין זיינע אויגן, און דו וועסט הערן זיינע געבאָטן, און אָפּהיטן אַלע זיינע געזעצן, — וועל איך יענע אַלע קרענק, וואָס איך האָב געשיקט אויף מצרים, ניט אָנשיקן אויף דיר, וואָרים איך, גאָט, בין דיין רופא.

און זיי זיינען געקומען קיין אילים, און דאָרטן זיינען געווען צוועלף קוואַלן וואַסער און זיבעציק טייטלבוימער. און זיי האָבן דאָרט גערוט ביים וואַסער.

# דער מן און דער שלו

און זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון אילים און אָנגעקומען אין מדבר סין, וואָס צווישן אילים און צווישן סיני, אין פופצענטן טאָג פון צווייטן חודש נאָך זייער אַרויסגיין פון מצרים.

און דאָס גאַנצע פאָלק האָט ווידער זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף משה'ן און אַהרנ'ען, און זיי האָבן געזאָגט:

— הלוואי וואָלטן מיר בעסער געווען געשטאָרבן אין מצרים דורך גאָט'ס האַנט, ווען מיר זיינען געזעסן איבערן טאָפּ פלייש און מיר האָבן אויך ברויט געגעסן צו זאַט, איידער איר האָט אונז אַרויסגענומען אין דעמדאָזיקן מדבר צו טויטן אונז אַלע דורך הונגער!

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— כ'וועל אייך מאַכן רעגענען ברויט פון הימל, און דאָס פאָלק וועט עס קלייבן יעדן טאָג! כדי איך זאָל זיי פּרואוון, צי וועלן זיי גיין אין מיין תורה, צי ניט!

האָבן משה און אהרן געזאָגט צום פאָלק:

— אין אָוונט וועט איר וויסן, אַז גאָט האָט אייך אַרויסגעצויגן פון מצרים, (ניט מיר). און אין דער פרי וועט איר זען גאָט'ס כבוד. ווייל ער האָט געהערט אייערע באַקלאָגעכצן. אָבער וואָס זיינען מיר דען, וואָס איר קריגט אויף אונז?

און משה האָט געזאָגט:

— אין אָוונט וועט אייך גאָט גיבן פלייש צום עסן, און אין דערפרי — ברויט צום אָנזעטן זיך, ווייל ער האָט געהערט אייערע באַקלאָגעכצען, וואָס איר באַקלאָגט זיך אויף אים. וואָס זיינען מיר דען? ניט אויף אונז זיינען אייערע קריגערייען נאָר אויף גאָט.

און משה האָט געזאָגט צו אַהרנ'ען:

— רעד צום גאַנצן פאָלק, זיי זאָלן גענענען פאַר גאָט, ווייל גאָט האָט געהערט זייערע קריגערייען.

און ווי אהרן האָט גערעדט צום גאַנצן פאָלק, האָבן זיי זיך געקערט צום מדבר, און גאָט׳ס כבוד האָט זיך באַוויזן אין וואָלקן.

און עס איז געווען אין אָוונט, איז ארויפגעקומען דער וואַכטפויגל (שלו) און האָט באדעקט דעם גאַנצן לאַגער (מחנה), און אין דערפרי איז געווען אַ שיכט פון טוי ארום דער מחנה. און ווען דער שיכט פון טוי האָט זיך אויפגעהויבן אַקעגן דער זון, האָבן די אידן דערזען אויף דער ערד דינע שופּיגע קערנדלאַך, אַזוי ווי גע־פרוירענער טוי, און זיי האָבן איינער דעם צווייטן געפרעגט:

— וואָס איז דאָס אַזוינס? (מן הוא?)

האָט משה צו זיי געזאָגט:

— דאָס איז דאָס ברויט, וואָס גאָט האָט אייך געגעבן צום עסן! און אַזוי האָט גאָט באפוילן: קלייבט איטליכער וויפיל ער דאַרף, אַן עומר אויף יעדן קאָפּ, לויט דער צאָל פון אייערע נפשות!

און די אידן האָבן געקליבן, ווער פיל און ווער ווינציק. און עס איז געשען, אַז זיי האָבן נאָכדעם איבערגעמאָסטן מיט׳ן עומר, האָבן זיי געזען, אַז דער וואָס האָט געקליבן פיל, האָט ניט געהאַט קיין איבעריקס, און דער וואָס האָט געקליבן ווינציק, האָט ביי אים ניט געפעלט, — איטליכער האָט געהאַט גענוג, פּונקט וויפיל ער האָט באַדאַרפט.

און משה האָט צו זיי געזאָגט:

— קיינער זאָל דערפון ניט איבערלאָזן אויפן צווייטן טאָג. גאָט וועט געבן נאָך.

האָבן אייניקע מענטשן ניט געפאָלגט און איבערגעלאָזט מן ביז אין דערפרי, איז ער געוואָרן ווערמדיק און האָט געשטונקען. און משה איז געווען אין כעס אויף זיי.

און זיי האָבן געקליבן יעדן אין דערפרי, איטליכער לויט זיין עסן. און ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, איז דער מן צעגאַנגען געוואָרן.

און עס איז געקומען פרייטאָג, האָבן זיי געקליבן צוויי מאָל

אַזויפיל ברויט. צוויי עומרס פאַר איטליכן. זיינען די נשיאים (עלטסטע) געקומען און דאָס דערציילט משה'ן. האָט משה צו זיי געזאָגט: דאָס איז וואָס גאָט האָט גערעדט! דער הייליקער שבת איז מאָרגן צו גאָט. וואָס איר ווילט באַקן — באַקט, און וואָס איר ווילט קאָכן — קאָכט, און אַלץ, וואָס בלייבט איבער, לייגט אַוועק און היט עס אָפּ פאַר מאָרגענדיקן טאָג!

און אַלע האָבן אַזוי געטאָן, און דער מן האָט ניט געשטונקען און קיין ווערים איז אין אים ניט געווען.

און משה האָט געזאָגט:

— עסט אים היינט, וואָרים עס איז שבת היינט און איר וועט אים אין פעלד ניט געפינען. נאָר זעקס טעג וועט איר קלייבן, און אין זיבעטן טאָג וועט ער ניט זיין!

און עס איז געקומען שבת, זיינען אייניקע פון פאָלק ארויס־געגאַנגען אין דערפרי צו קלייבן, און זיי האָבן ניט געפונען גאָרניט.

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן (וועגן פאָלק):

— ביז וואַנען וועט איר ניט וועלן היטן מיינע מצוות און מיינע לערנונגען? זעט, גאָט האָט אייך געגעבן דעם שבת, און דערפאַר גיט ער פרייטאָג ברויט אויף צוויי טעג. זיצט איטליכער אויף זיין אָרט, און גייט ניט ארויס צו קלייבן אין זיבעטן טאָג!

האָט דאָס פאָלק גערוט אין זיבעטן טאָג.

האָבן די אידן גערופן דאָס ברויט מיטן נאָמען „מן". ער האָט אויסגעקוקט ווי ווייסע קאָריאַנדערזאָמען און האָט געהאַט אַ טעם פון האָניק־קוכן.

און משה האָט געהייסן אהרנ'ען, אין גאָט'ס נאָמען, אָנצופילן אַ קרוג מיט אַן עומר פון מן און עס אַוועקשטעלן פאַר אַן אָנדענק פונם ברויט, וואָס גאָט האָט געגעבן צו די אידן אין מדבר.

פערציק יאָר האָבן די אידן געגעסן דעם מן, ביז זיי זיינען געקומען צו אַ באַוואוינטן לאַנד, ביים עק פון לאַנד כנען.

* * * *

## משה שלאָגט ארוים וואַסער פון פעלז

און די אידן האָבן געצויגן ווייטער פון מדבר סין און זיי האָבן גערוט אין רפידים. און עס איז קיין וואַסער ניט געווען צום טרינקען.

האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבן זיך קריגן מיט משה׳ן; און זיי האָבן געזאָגט:

— גיט אונז וואַסער און לאָמיר טרינקען!

האָט משה צו זיי געזאָגט:

— וואָס קריגט איר זיך מיט מיר? וואָס פּרוּווט איר גאָט? איר ווייסט דאָך, אַז ער קאָן אַלץ!

און דאָס פאָלק איז געוואָרן נאָכמער דאָרשטיק, און זיי האָבן זיך ווידער געקריגט מיט משה׳ן, און געזאָגט:

— פאַרוואָס האָסטו אונז ארויסגענומען פון מצרים צו טויטן אונז און אונזערע קינדער און פי דורך דאָרשט?

האָט משה געשריען צו גאָט:

— וואָס זאָל איך טאָן צו דעם דאָזיקן פאָלק? נאָך אַביסל און זיי וועלן מיך פאַרשטיינען!

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— נעם מיט זיך די עלטסטע פון די אידן, נעם אויך דיין שטעקן, מיט וועלכן דו האָסט געשלאָגן דעם ים, און גיי פאָראויס פאַרן פאָלק. און איך וועל שטיין פאַר דיר דאָרטן ביים פעלז אין חורב, און דו זאָלסט שלאָגן דעם פעלז, און עס וועט ארויסגיין פון אים וואַסער, און דאָס פאָלק וועט טרינקען!

האָט משה אַזוי געטאָן. און ער האָט אַ נאָמען געגעבן דעם אָרט „מסה ומריבה" („מסה" הייסט פּרוּוון, און „מריבה" הייסט קריג) ווייל דאָרטן האָבן זיך די אידן געקריגט מיט אים, און דאָרטן האָבן זיי געפּרוּווט גאָט, און זיי האָבן געזאָגט: „איז פאַראַן גאָט צווישן אונז, אָדער ניט!..."

* * * *

# די מלחמה מיט עמלק׳ן

און דאמאָלט איז עמלק געקומען מיט זיין חיל און האָט מלחמה געהאַלטן מיט די אידן אין רפידים.

האָט משה געזאָגט צו יהושע׳ן:

— קלייב אונז אוים שטאַרקע מענטשן און גיי ארוים אַקעגן עמלק׳ן צו מלחמה האַלטן. מאָרגן וועל איך זיך אַוועקשטעלן אויפן שפּיץ באַרג מיט מיין געטליכן שטעקן אין מיין האַנט.

האָט יהושע געטאָן ווי משה האָט באפוילן, און ער איז ארוים אין מלחמה מיט עמלק׳ן.

און משה און אהרן און חור זיינען ארויף אויפן שפּיץ באַרג. און עס איז געווען, ווען משה האָט אויפגעהויבן זיין האַנט, האָט ישראל זיך געשטאַרקט; און ווען משה האָט אַראָפּגעלאָזט זיין האַנט, האָט עמלק זיך געשטאַרקט.

און משה׳ס הענט זיינען שווער געוואָרן, האָבן אהרן און חור גענומען אַ שטיין און אַוועקגעלעגט אונטער משהן און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אים, און זיי האָבן אונטערגעהאַלטן זיינע הענט, איינער פון איין זייט, און דער צווייטער פון דער אַנדערער זייט. און זיינע הענט זיינען געווען פעסט ביז זונאונטערגאַנג.

און יהושע האָט שוואַך געמאַכט עמלק׳ן מיט זיין פאָלק, און האָט זיי פאַרטיליקט מיט דער שאַרף פון שווערד.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— פאַרשרייב דאָס פאַר אַ זכרון (אָנדענק) אין אַ בוך, און זאָג אָן יהושע׳ן, אַז ער זאָל דערציילן די שפּעטערע דורות, וואָרים איך וועל אָפּמעקן דעם זכר פון עמלק פון אונטערן הימל.

און משה האָט געבויט אַ מזבח, און האָט זיין נאָמען גערופן: „אדוני נסי", גאָט איז מיין פאָן.

און ער האָט געזאָגט:

— גאָט האָט געשוואָרן, האַלטנדיק זיין האַנט אויפן טראָן, אַז אַן אייביקע מלחמה וועט זיין צו גאָט מיט עמלק׳ן. (וואָרים ער איז דער ערשטער אָנגעפאַלן אויף ישראל.)

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## די אידן ביים ים

(א משל)

אַ טויב איז אַנטלאָפן פאַר אַ שפּאַרבער, וועלכער האָט איר נאָכגעיאָגט, און זי איז געקומען צו אַ שפּאַלט פון אַ פעלז זיך באַהאַלטן, אָבער דאָרטן האָט זי אָנגעטראָפן אַ גיפטיקע שלאַנג.

איז די טויב צוטומלט געוואָרן, זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

זאָל זי אריין אין פעלזן-שפּאַלט, — וועט זי די שלאַנג פאַרגיפטן; זאָל זי זיך אומקערן צוריק, — וועט זי דער שפּאַרבער פאַרצוקן.

וואָס האָט די טויב געטאָן? האָט זי אָנגעהויבן צו קלאַפּן שטאַרק מיט אירע פליגל און שרייען נאָך הילף.

האָט דער בעל-הבית פונם טויבן-שלאַק דערהערט איר געשריי און איז געלאָפן זי ראַטעווען.

אַזוי איז אויך געווען מיט די אידן:

זיי זיינען אַנטלאָפן פאַר פרעה׳ן, וועלכער האָט זיי נאָכגעיאָגט, און זיי זיינען געקומען און דערזען פאַר זיך דעם גרויסן שטורמדיקן ים.

זיינען זיי געבליבן צוטומלט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

זאָלן זיי אריין גלייך אין ים, — וועלן די כוואַליעס זיי פאַרטרינקען; זאָלן זיי זיך אומקערן צוריק, — וועט זיך פרעה אָן זיי נוקם זיין.

וואָס האָבן זיי געטאָן? האָבן זיי אָנגעהויבן צו וויינען און שרייען נאָך הילף.

האָט גאָט דערהערט זייער געשריי, און ער האָט געשפּאָלטן דעם ים פאַר זיי.

.2

## גאָט׳ס רחמנות

דער ים האָט זיך געשפּאָלטן אין צווייען, און די אידן האָבן זיך גלייך געלאָזט לויפן צווישן די צוויי ווענט מיט וואַסער.

האָט אַ שטים פון הימל אויסגעשריען:

— זייט פאָרזיכטיק, איר וואַסערן! שטייט פעסט און שטאַרק ווי מויערן ביז דער לעצטער איד וועט אַריבערגיין! דאָ גייט אַ פאָלק צו נעמען גאָט׳ס תורה און זי פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט!...

זיינען די וואַסערן געבליבן שטיין ווי אייזערנע מויערן פוןביידע זייטן, רעכטס און לינקס.

איז געקומען דער שטן פאַר גאָט און געזאָגט:

— צו וועמען טוסטו דאָס אַזוינס גרויסע ניסים? צו די קינדער פון ישראל, וואָס האָבן אין מצרים געדינט פרעמדע אָפּגעטער?

האָט גאָט געענטפערט:

— ניט מיט זייער אייגענעם ווילן האָבן זיי געזינדיקט, מ׳האָט זיי געצוואונגען דערצו. און איך באַשטראָף ניט קיינעם וואָס זינדיקט געצוואונגענערהייד! ניין, ניט באַשטראָפן, נאָר רחמנות דאַרף איך האָבן אויף זיי!...

און דער שטן איז אַנטשוויגן געוואָרן.

* * * *

די אידן זיינען אַריבער דעם ים און די מצריים האָבן זיי נאָכגעיאָגט.

איז ווידער געקומען דער שטן פאַר גאָט און געזאָגט:

— וועסטו אויך רחמנות האָבן אויף דידאָזיקע, וואָס האָבן אומגעבראַכט אומשולדיקע קינדערלאַך?

האָט גאָט געענטפערט:

— ניין, פאַר די אומשולדיקע קרבנות וועל איך נעמען נקמה!...

איז דער שטן געבליבן צופרידן.

אין יענעם מאָמענט זיינען די צעטיילטע וואַסערן זיך צונויפ־געקומען ווידער און אָנגעהויבן שטאַרק צו שטורעמען. שווערע וואָלקנס האָבן פאַרדעקט דעם הימל. אַ פינצטערניש האָט איינ־געוויקלט דעם ים. אַ שטורם־ווינט האָט אויסגעבראָכן. דער ים איז געוואָרן ווי אַ זודיקער קעסל. די ברויזענדע כוואַליעס האָבן געשלאָגן מיט צאָרן. די אָפּגרונטן פון ים זיינען געעפנט געוואָרן. און די מצריים האָבן געזונקען אין דעם טיפעניש פון בייזן ים.

און גאַנצע מחנות מלאָכים זיינען געקומען און האָבן אָנגע־הויבן זינגען פרייליכע לידער.

האָט גאָט אַ געשריי געטאָן אויף זיי:

— ווי האָט איר קיין רחמנות ניט! מיינע באַשעפענישן זינקען אין ים און איר זינגט לידער?!

און די מלאָכים זיינען באַלד אַנטשוויגן געוואָרן.

* * * *

.3

## משה׳ס ערליכקייט

ווען משה האָט געזען, אַז עמלק דערנענטערט זיך מיט זיין חיל (אַרמיי) אָנצופאַלן אויף די אידן, האָט ער געזאָגט צו זיין משרת (באַדינער) יהושע׳ן:

— נעם און קלייב א ו נ ז אויס געזונטע מענער און גיי אַרויס אַקעגן עמלק׳ן!

האָט דאָס פאָלק געהערט און זיך געוואונדערט:

— זעט נאָר ווי משה רעדט צו זיין משרת ווי צו זיינס אַ גלייכן, מיט אַזויפיל ליבשאַפט און איידלקייט!

און אַלע האָבן אין דעם געזען אַ וואונק, אַז אַפילו דער גרעס־טער מענטש טאָר זיך ניט האַלטן גרויס, און אַפילו צו אַ באַדינער דאַרף מען רעדן פריינדליך...

און אַז משה איז בעת דער מלחמה מיד געוואָרן צו שטיין אויף די פיס, איז יהושע צוגעקומען צו אים און געפרעגט:

— מיין האר! זאָל איך גיין און ברייננגען פאַר דיר אַ קישן, דו זאָלסט זיך אַביסל צוזעצן?

האָט משה געענטפערט:

— ניין יהושע טייערער, איך וועל אַזאַ זאַך ניט טאָן! אין אַזאַ צייט ווען מיין פאָלק האַלט מלחמה מיט זיין שונא, זאָל איך זיך צערטלען און זיך פאַרגינען זיצן אויף ווייכע קישעלאַך? חלילה! איך דאַרף לײדן אינאיינעם מיט מיין פאָלק! גיי ברייננ מיר אַ שטיין און איך וועל זיך צוזעצן אויף אים!...

---

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**ביד רמה** (מיט אַ געהויבענער האַנט)

אָנשטאָט: עפענטליך! מ'זאָגט אויך: **„בריש גלית"**.

**מי כמוך** (ווער איז נאָך אַזוי ווי דו).

**ירגזון** (זיי האָבן געציטערט)

„רעדן מיט אַ ירגזון" (בייז, מיט שטורם).

**כצפיחית בדבש** (ווי אַ קוכן אין האָניק)

אויף אַ גוט וואָרט זאָגט מען: „ס'איז ממש כצפיחית בדבש!"...

סדרה

# יתרו

## יתרו קומט צו משה׳ן

**און יתרו**, דער פריסטער (כהן) פון מדין, משה׳ס שווער, האָט געהערט אַלץ וואָס גאָט האָט געטאָן צו משה׳ן און צו זיין פאָלק, אַז גאָט האָט זיי ארויסגעצויגן פון מצרים.

האָט יתרו גענומען צפורה׳ן, משה׳ס ווייב, מיט אירע צוויי זין, גרשום און אליעזר, — נאָכדעם ווי משה האָט זיי געהאַט צוריקגעשיקט פון מצרים אַהיים, — און ער איז מיט זיי געקומען צו משה׳ן אין מדבר, וואָס ער האָט דאָרטן גערוט, ביים באַרג פון גאָט (באַרג חורב).

איז משה ארויסגעגאַנגען אַקעגן זיין שווער, און ער האָט זיך געבוקט, און האָט אים געקושט, און זיי האָבן איינער דעם אַנדערן אויסגעפרעגט וועגן זייער פרידן, און זיי זיינען אריינגעקומען אין משה׳ס געצעלט.

און משה האָט דערציילט זיין שווער אַלץ וואָס גאָט האָט געטאָן צו פרעה׳ן און צו מצרים וועגן די אידן, און אַלע מאַטערנישן, וואָס האָבן זיי געטראָפן אויפן וועג, און ווי גאָט האָט זיי מציל געווען.

האָט זיך יתרו געפרייט אויף דעם אַלעם גוטן, וואָס גאָט האָט געטאָן צו די אידן. און ער האָט געזאָגט:

— געלויבט איז גאָט, וואָס ער האָט אייך מציל געווען! אַצינד ווייס איך, אַז דער אידישער גאָט איז דער גרעסטער פון אַלע געטער, וואָרים מיט דערזעלבער זאַך, וואָס די מצרים האָבן געוואָלט אומ־ברענגען די אידן, זיינען זיי אַליין אומגעבראַכט געוואָרן (מיט וואַסער).

און יתרו האָט געבראַכט קרבנות צו גאָט. און אהרן מיט אַלע עלטסטע פון די אידן זיינען געקומען צו דער סעודה, וואָס משה׳ס שווער האָט געמאַכט פון גאָט׳ס כבוד וועגן.

* * * *

## יתרו גיט משה׳ן אַן עצה

און עס איז געווען אויף מאָרגן, נאָך יתרו׳ס אָנקומען, האָט זיך משה געזעצט משפּט׳ן דאָס פאָלק. און דאָס פאָלק איז גע־שטאַנען פאַר משה׳ן פון פרימאָרגן ביז אָוונט.

האָט יתרו צוגעזעהן, וואָס משה טוט צום פאָלק, און ער האָט געזאָגט:

— וואָס איז דידאָזיקע זאַך, וואָס דו טוסט? פאַרוואָס זיצסטו אַליין, און דאָס גאַנצע פאָלק שטייט פאַר דיר פון פרימאָרגן ביז אָוונט?

האָט משה געזאָגט צו זיין שווער:

— ווייל דאָס פאָלק קומט צו מיר פרעגן וועגן גאָט׳ס געזעצן! ווען עס טרעפט זיך עפּיס אַ זאַך (אַ קריג) צווישן איינעם און צווייטן קומען זיי צו מיר און איך משפּט זיי, און לערן גאָט׳ס געבאָט און זיין לערע!

האָט יתרו געזאָגט:

— ניט גוט איז דאָס וואָס דו טוסט! דו אַליין וועסט מיד ווערן, און אויך דאָס פאָלק מיט דיר, ווייל עס איז צו שווער, דו קאָנסט דאָס איינער אַליין ניט טאָן! איך וועל דיר אַן עצה גיבן

און גאָט וועט זיין מיט דיר: זיי דו דער שליח פון פאָלק אַקעגן גאָט, און דו זאָלסט ברייגנען אַלע זאַכן צו גאָט. און דו זאָלסט זיי קלאָר מאַכן די געזעצן און די לערנונגען, און דו זאָלסט זיי אָנ־ווייזן דעם וועג, אין וועלכן זיי זאָלן גייען און דאָס טואונג, וואָס זיי דאַרפן טאָן. און דו זאָלסט זען פון גאַנצן פאָלק פעאיקע מענטשן, גאָטספאָרכטיקע, אמת'ע מענטשן, וואָס האָבן פיינט צו טאָן נאָר פאַר זייערע אייגענע נוצן, און פון זיי זאָלסטו באשטימען עלטסטע איבער טויזנט, עלטסטע איבער הונדערט, איבער פופציק און איבער צען, — און זיי זאָלן משפט'ן דאָס פאָלק צו יעדער צייט. און אַז עס וועט זיך טרעפן אַ גרויסע זאַך, זאָלן זיי עס ברייגנען צו דיר, און יעדער קליינע זאַך זאָלן זיי משפט'ן, וועט דיר זיין גרינגער, און זיי וועלן טראָגן די משא מיט דיר. אויב דו וועסט אַזוי טאָן, און גאָט וועט דיר געווים אויך אַזוי הייסן, וועסטו קאָנען באשטיין, און דאָסדאָזיקע גאַנצע פאָלק וועט קומען אויף זיין אָרט מיט שלום!

האָט משה געפאָלגט זיין שווער, און ער האָט אַזוי געטאָן.

און משה האָט ארויסבאגלייט יתרו'ן מיט גרוים כבוד, און ער איז אַוועקגעגאַנגען אין זיין לאַנד.

* * * *

## משה גרייט צו די אידן צו נעמען די תורה

אין דריטן חודש, נאָכדעם ווי די אידן זיינען ארויסגעגאַנגען פון מצרים, זיינען זיי אָנגעקומען אין מדבר סיני, און זיי האָבן דאָרטן גערוט אַקעגן באַרג.

און משה איז ארויפגעגאַנגען אויפן באַרג, וואו גאָט האָט זיך צו אים אַנטפּלעקט, און גאָט האָט גערופן צו אים פון באַרג:

— אַזוי זאָלסטו זאָגן צום הויז פון יעקב און דערציילן די בני־ישראל: איר האָט געזען, וואָס איך האָב געטאָן צו מצרים, און איך האָב אייך געטראָגן ווי אויף אָדלער־פליגל און האָב אייך גע־

בראַכט צו מיר. און אַצינד, אויב איר וועט מיך צוהערן און וועט היטן מיין בונד, וועט איר ביי מיר זיין דאָס ליבסטע פאָלק פון אַלע פעלקער, וואָרים צו מיר געהערט די גאַנצע וועלט. און איר וועט מיר זיין אַ מלוכה פון לויטער כוהנים און אַ הייליק פאָלק. אַזוי זאָלסטו זאָגן צו די בני־ישראל!

איז משה געקומען און האָט צונויפגערופן אַלע עלטסטע פון פאָלק, און האָט זיי איבערגעגעבן אַלע רייד פון גאָט.

האָט דאָס גאַנצע פאָלק געענטפערט אינאיינעם און געזאָגט:

— אַלצדינג, וואָס גאָט האָט גערעדט וועלן מיר טאָן!

און משה האָט צוריקגעבראַכט די רייד פון פאָלק צו גאָט.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— זע, איך וועל קומען צו דיר אין אַ געדיכטן וואָלקן, כדי דאָס פאָלק זאָל הערן ווי איך רעד מיט דיר, און אויך אין דיר זאָלן זיי גלויבן אויף אייביק. גיי צום פאָלק און זאָלסט זיי הייליקן היינט און מאָרגן, און זיי זאָלן וואַשן זייערע קליידער, און זיי זאָלן זיין גרייט אויפן דריטן טאָג, וואָרים אויפן דריטן טאָג וועל איך, גאָט, אַראָפּנידערן פאַר די אויגן פון גאַנצן פאָלק אויפן באַרג סיני.

און דו זאָלסט אָפּגרעניצן דאָס פאָלק אַרום און אַרום, אַזוי צו זאָגן:

— היט זיך אַרויפצוגיין אויפן באַרג, אָדער זיך אָנצורירן אָן זיין ברעג. יעדער, וואָס רירט אָן דעם באַרג, וועט געטויט ווערן. קיין האַנט זאָל אים ניט אָנרירן, וואָרים ער וועט פאַרשטיינט ווערן אָדער געשאָסן ווערן; סײַ אַ בהמה, סײַ אַ מענטש, וועט ניט בלייבן לעבן. ערשט ווען דער האָרן (שופר) וועט לאַנג בלאָזן, מעגן זיי אַרויפגיין אויפן באַרג.

און משה איז אַראָפּגעגאַנגען פון באַרג צום פאָלק און האָט זיי געהייליקט. און זיי האָבן זיך געוואַשן זייערע קליידער.

און ער האָט זיי אָנגעזאָגט:

— זייט אָנגעגרייט צום דריטן טאָג!

* * * *

## גאָט הייסט משה'ן וואָרענען דאָס פאָלק

און עס איז געווען אויפן דריטן טאָג, ווי נאָר עס איז געוואָרן פרימאָרגן, אַזוי זיינען געוואָרן דונערן און בליצן און אַ שווערער וואָלקן אויפן באַרג, און דאָס קול פון שופר איז געווען זייער שטאַרק, און דאָס גאַנצע פאָלק וואָס איז געווען אין דער מחנה האָט גע־ציטערט.

און משה האָט ארויסגענומען דאָס פאָלק פונם לאַגער אַנטקעגן באַרג פון גאָט, און זיי זיינען אַלע געבליבן שטיין אונטערן באַרג.

און דער באַרג סיני האָט אינגאַנצן גערויכערט, ווייל גאָט האָט אויף אים אַראָפּגענידערט אין פייער, און זיין רויך איז אויפגע־גאַנגען, ווי דער רויך פון אַ קאַלכאויוון, און דער גאַנצער באַרג האָט זייער געציטערט.

און דאָס קול פון שופר איז געוואָרן זייער שטאַרק. משה האָט גערעדט און גאָט האָט אים געענטפערט אויפן קול.

און גאָט האָט אַראָפּגענידערט אויפן באַרג סיני, צום שפּיץ באַרג, און ער האָט גערופן צו משה'ן אויפ'ן שפּיץ באַרג, און משה איז ארויפגעגאַנגען.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— גיי אַראָפּ און וואָרן דאָס פאָלק, טאָמער וועלן זיי זיך דורכרייסן צו קוקן צו גאָט, וועט פון זיי פאַלן אַ סך! און אויך די כוהנים, וואָס גענענען נענטער צו גאָט, זאָלן זיך הייליקן, כדי גאָט זאָל ניט שיקן קיין אויסברוך (מגפה) צווישן זיי!

און משה האָט געזאָגט צו גאָט:

— דאָס פאָלק קאָן דאָך ניט ארויפגיין צום באַרג סיני, וואָרים דו האָסט דאָך אונז געוואָרענט, אַזוי צו זאָגן: „זאָלסט אָפּגרענעצן דעם באַרג און זאָלסט אים הייליקן“.

האָט גאָט צו אים געזאָגט:

— גיי אַראָפּ, און וואָרן זיי, און דו זאָלסט ארויפקומען, און דיין ברודער אהרן מיט דיר. אָבער די כוהנים און דאָס פאָלק זאָלן זיך ניט דורכרייסן ארויפצוגיין!

און משה האָט אַראָפּגענידערט צום פאָלק און האָט זיי דאָס געזאָגט.

* * * *

## די צען געבאָט (עשרת הדברות)

און גאָט האָט גערעדט דידאָזיקע אַלע ווערטער, אַזוי צו זאָגן:

א) איך בין גאָט, דיין גאָט, וואָס האָט דיך ארויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, פונם הויז פון קנעכטשאַפט.

ב) זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער פאַר מיין פּנים (אַחוץ מיר). זאָלסט דיר ניט מאַכן קיין שום אויסגעהאַקטן אָפּגאָט און קיין שום געשטאַלט, וואָס אין הימל אויבן, אָדער וואָס אויף דער ערד אונטן, אָדער וואָס אין וואַסער אונטער דער ערד. זאָלסט זיך ניט בוקן צו זיי און זאָלסט זיי ניט דינען, וואָרים איך, דיין גאָט, בין אַ צערנדיקער גאָט, וואָס שטראָפט פאַר די עלטערנס זינד די קינדער, דעם דריטן דור און דעם פערטן דור, אויב זיי האָבן מיך פיינט, און איך טו חסד צום טויזנטסטן דור פון די וואָס האָבן מיך ליב און היטן מיינע געבאָט.

ג) זאָלסט ניט ארויסרעדן דעם נאָמען פון גאָט צו פאַלשקייט, וואָרים גאָט פאַרגיט ניט דעם וואָס רעדט ארויס זיין נאָמען צו פאַלשקייט.

ד) געדענק דעם טאָג פון שבת צו האַלטן אים הייליק. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן אַלע דיינע מלאָכות, און דער זיבעטער טאָג איז אַ רו טאָג צו דיין גאָט. זאָלסט ניט טאָן קיין מלאָכה, דו און דיין זון און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט, און דיין בהמה, און דיין פרעמדער, וואָס וואוינט אין דיינע טויערן. וואָרים אין זעקס טעג האָט גאָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד, דעם ים און אַלץ וואָס אין זיי, און אויפן זיבעטן טאָג האָט

ער גערוט. דערפאַר האָט גאָט געבענטשט דעם טאָג שבת און האָט אים געהייליקט.

ה) גיב אָפּ כבוד דיין פאָטער און מוטער, כדי דו זאָלסט לאַנג לעבן אויף דער ערד, וואָס גאָט גיט צו דיר.

ו) זאָלסט ניט מאָרדן (הרג'ענען).

ז) זאָלסט ניט זיין אויסגעלאַסן (ניאוף).

ח) זאָלסט ניט גנב'ענען.

ט) זאָלסט ניט זאָגן קיין פאַלש עדות קעגן דיין חבר.

י) זאָלסט ניט גלוסטן דאָס הויז פון דיין פריינט. זאָלסט ניט גלוסטן דאָס ווייב פון דיין פריינט, אָדער זיין קנעכט, זיין דינסט, אָדער זיין אָקס, זיין אייזל אָדער עפּיס אַנדערש וואָס גע־הערט צו דיין פריינט.

און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געזען די קולות און די פלאַמען, און דאָס קול פון שופר, און דעם רויכערדיקן באַרג, און זיי האָבן געציטערט און געשטאַנען פון דערווייטנס.

און זיי האָבן געזאָגט צו משה'ן:

— רעד דו צו אונז און מיר וועלן הערן, און זאָל ניט רעדן גאָט צו אונז, טאָמער וועלן מיר שטאַרבן!

האָט משה געזאָגט צום פאָלק:

— איר זאָלט זיך ניט שרעקן, וואָרים נאָר צו פּרוּוון אייך איז גאָט געקומען, און כדי איר זאָלט מורא האָבן פאַר אים און זאָלט ניט זינדיקן.

און דאָס פאָלק איז געשטאַנען פון דערווייטנס, נאָר משה האָט גענענט צום נעפּל, וואָס דאָרטן איז געווען גאָט.

# מעשיות און לעגענדעס

## .1

## גאָט טראָגט זיך אַרום מיט דער תורה

איידער גאָט האָט געגעבן די תורה צו די אידן, האָט ער זי ארומגעטראָגן צו אַלע פעלקער און האָט זיי געפרעגט צי זיי ווילן זי אָננעמען.

איז ער געקומען צו די בני־עשו און האָט זיי געפרעגט:

— ווילט איר אָננעמען מיין תורה?

האָבן זיי באַלד אַ פרעג געטאָן צוריק:

— וואָס שטייט אין דיין תורה געשריבן?

האָט גאָט געזאָגט צו זיי:

— אין מיין תורה שטייט געשריבן, אַז מ׳טאָר ניט מאָרדן, „לא תרצח!"

האָבן באַלד עשו׳ס קינדער געענטפערט:

— ניין, מיר ווילן אַזאַ תורה ניט אָננעמען; מיר לעבן דאָך נאָר פון רויב און פון רציחה!...

איז גאָט געקומען צו די בני־ישמעאל און האָט זיי געפרעגט:

— ווילט איר אָננעמען מיין תורה?

— וואָס שטייט אין איר געשריבן? — האָבן זיי געפרעגט.

— אין מיין תורה שטייט געשריבן, אַז מ׳טאָר ניט גנב׳ענען, „לא תגנוב!"

— ניין, — האָבן ישמעאל׳ס קינדער געענטפערט — מיר ווילן אַזאַ תורה ניט אָננעמען; מיר לעבן דאָך נאָר פון גנבה און פון גזלה!...

איז גאָט געקומען צו די פעלקער פון כנען און האָט זיי געפרעגט:

— ווילט איר אָננעמען מיין תורה?

— וואָס שטייט אין איר געשריבן?

— אין איר שטייט געשריבן, אז מ'טאָר ניט האָבן קיין פאַלשע מאָס און וואָג, און מ'טאָר קיינעם ניט נאַרן!

— ניין, — האָבן זיי אַלע געענטפערט — מיר ווילן אזא תורה ניט אָננעמען; מיר לעבן דאָך נאָר דערפון, וואָס מיר נאַרן אָפּ יענעם!

אָט אזוי האָט זיך גאָט ארומגעטראָגן מיט דער תורה צו אַלע פעלקער, און קיינער האָט זי ניט געוואָלט נעמען.

האָט גאָט געזאָגט:

— איך וועל זי געבן צו די אידן. זיי וועלן זי אָננעמען און אַלע איבעריקע פעלקער וועלן זיך שוין אָפּלערנען פון זיי, ווי אזוי מענטשן דאַרפן לעבן.

און אז די אידן האָבן נאָר דערהערט וועגן דער תורה, האָבן זיי באַלד אויסגעשריען מיט גרויס פרייד:

„נעשה ונשמע!" מיר וועלן טאָן און הערן אַלץ, וואָס זי לערנט אונז!...

* * * *

.2

## די תורה און די אידישע קינדער

ווען גאָט האָט באַשלאָסן צו געבן די תורה צו די אידן, האָט ער געזאָגט צו משה'ן:

— משה, גיי פריער און זאַמל איין די אידישע פרויען און רעד צו זיי וועגן דער תורה. מיר דאַרפן, אז די פרויען זאָלן צו־שטימען. וואָרים אויב ניט, וועלן די מענער ניט קאָנען האַלטן די תורה! א פרוי קאָן אַראָפּפירן פון גוטן וועג, און זי קאָן העלפן צו גיין אין גוטן וועג! א מוטער קאָן דערציען אירע קינדער גוט און פיין, און זי קאָן זיי דערציען שלעכט און פאַרברעכעריש!

האָט משה איינגעזאַמלט אַלע אידישע פרויען און האָט צו זיי גערעדט, און זיי האָבן אַלע איינשטימיק מסכים געווען.

און אַז גאָט האָט געזען, אַז סאַי די מענער און סאַי די פרויען זיינען וויליק צו נעמען די תורה, האָט ער געזאָגט צו משה׳ן:

— אַצינד, אַז אַלע ווילן נעמען די תורה, וויל איך פון זיי אַ גאַראַנטיע! ווער וועט מיר זיין אַן ערב דערפאַר, אַז זיי וועלן די תורה אויפהאַלטן אייביק?

איז משה געקומען צו די אידן און ער האָט זיי איבערגעגעבן גאָט׳ס ווערטער.

האָבן אַלע אידן געענטפערט:

— אונזערע קינדער זיינען אַ גאַראַנטיע פאַר דער תורה! מיר וועלן די תורה איבערגעבן צו אונזערע קינדער, און זיי — צו זייערע קינדער, און אָט אַזוי וועט זי איבערגייען פון דור צו דור ביז דעם סוף פון אַלע דורות!...

* * * *

.3

## משה און די מלאָכים אויפן הימל

ווען משה איז ארויפגעקומען אויפן הימל צו נעמען די תורה, האָבן זיך די מלאָכים פאַרוואונדערט, דערזעענדיק אים, און האָבן געפרעגט:

— גרויסער גאָט, וואָס טוט דאָ, צווישן אונז, אַ „ילוד־אשה" (אַ געבוירענער פון אַ פרוי)?

— ער איז געקומען נעמען די תורה! — האָט זיי גאָט גע־ענטפערט.

— אָט דעמדאָזיקן טייערן אוצר, וואָס ליגט ביי דיר באַהאַלטן שוין גאַנצע ניין הונדערט און פיר־און־זיבעציק דורות נאָך איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, גייסטו איצט אַוועקגעבן צו אַ „בשר ודם" (פלייש און בלוט; אַ מענטש)? — האָבן די מלאָכים אַלע געפרעגט.

האָט גאָט געזאָגט:

— משה, גיב דו זיי אַן ענטפער דערויף!

האָט משה אָנגעהויבן צו ציטערן:

— רבונו־של־עולם! (האַר פון דער וועלט) כ'האָב מורא, אַז די מלאָכים זאָלן מיך נישט פאַרברענען מיט דער היץ פון זייערע מיילער!

האָט גאָט געזאָגט צו אים:

— האָב קיין מורא ניט, מיין געטרייער קנעכט, משה! האַלט זיך אָן מיין טראָן (כסא הכבוד) און ענטפער זיי וואָס דו ווילסט!

האָט משה געענטפערט:

— איר, מלאָכים פון הימל, דאַרפט לחלוטין ניט די תורה! אין דער תורה שטייט, אַז מ'טאָר ניט דינען קיין פרעמדע אָפּ־געטער, — וואו האָט איר דאָ דען פרעמדע אָפּגעטער? אין דער תורה שטייט נאָך געשריבן, אַז זעקס טעג אין דער וואָך זאָל מען אַרבעטן, און דעם זיבעטן זאָל מען האַלטן הייליק, — ווען אַרבעט איר דען, און וועלכער טאָג איז דען ביי אייך ניט הייליק? אין דער תורה שטייט נאָך געשריבן, אַז מ'זאָל אָפּגעבן כבוד פאָטער און מוטער, — וואו האָט איר דען עלטערן?... וואָס דאַרפט איר די מצוות, אַז איר האָט גאָר קיין פלייש און בלוט ניט, וואָס זאָל אייך אָנרעדן צו עברות?...

די מלאָכים האָבן פאַרשטאַנען, אַז משה איז גערעכט, און זיי האָבן אים אַלע ארומגערינגלט מיט גרויס פריינטשאַפט און ליבע.

* * * *

4.

## גאָט'ס שטימע

אין דעם מאָמענט, ווען גאָט האָט באַדאַרפט געבן די תורה צו די אידן, איז די גאַנצע וועלט אנטשוויגן געוואָרן:

קיין פויגל האָט ניט געצוויטשערט. קיין עוף האָט ניט גע־פישטשעט. קיין אָקס האָט ניט געברילט. קיין קו האָט ניט גע־בלעקעט. קיין שעפעלע האָט ניט געמעקעט. קיין טייכל האָט

ניט גערוישט. קיין ווינטל האָט ניט געבלאָזן. קיין בוימל האָט ניט געשורשעט. קיין גרעזל האָט זיך ניט געשאָקלט. קיין מלאך האָט ניט געזונגען קיין „קדוש".

הימל און ערד, און אַלץ וואָס אויף זיי, זיינען ווי פאַרשטיינערט געוואָרן.

אַ געטליכע שטילקייט האָט געהערשט אומעטום. אַזאַ שטילקייט איז נאָך ניט געווען און עס וועט ניט זיין מער.

און דאַמאָלט האָט גאָט'ס שטים זיך דערהערט און האָט אָנגעפילט די גאַנצע וועלט פון עק ביז עק מיט די ווערטער:

— איך בין גאָט, דיין גאָט!...

---

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**ויחד יתרו** (און יתרו האָט זיך געפרייט)

אַ מדרש זאָגט: פון איין זייט האָט זיך יתרו געפרייט, און פון דער צווייטער זייט האָט עס אים געקרייגקט וואָס מצרים איז באַשטראָפט געוואָרן... דערום זאָגט מען: „ס'איז ויחד יתרו", לפנים פרייט מען זיך, און אין האַרצן שטעכט עס...

**לא טוב הדבר** (ניט גוט די זאַך).

**אנשי אמת** (אמת'ע מענטשן)

איינער: „איש אמת".

**שונאי בצע** (וואָס האָבן פיינט צו טאָן נאָר פאַר אייגענע אינטערעסן).

**קולות וברקים** (דונערן און בליצן)

„רעדן מיט קולות וברקים".

**עשרת הדברות** (צען געבאָט):

1) **אָנוכי ד׳ אלוהיך** (איך בין גאָט, דיין גאָט).

2) **לא יהיה לך אלהים אחרים** (זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער).

3) **לא תשאָ את שם ד׳ אלוהיך לשוא** (זאָלסט ניט ארויס־ברייגנען גאָט׳ס נאָמען צו פאַלש).

4) **זכור את יום השבת לקדשו** (געדענקט דעם טאָג שבת, צו הייליקן אים).

5) **כבד את אָביך ואת אמך** (גיב אָפּ כבוד צו דיין פאָטער און מוטער).

6) **לא תרצח** (זאָלסט ניט מאָרדן).

7) **לא תנאָף** (זאָלסט ניט זיין אויסגעלאַסן).

8) **לא תגנוב** (זאָלסט ניט גנב׳ענען).

9) **לא תענה ברעך עד שקר** (זאָלסט ניט זאָגן קיין פאַלש עדות אויף דיין חבר).

10) **לא תחמוד** (זאָלסט ניט גלוסטן קיין פרעמדס).



סדרה
משפטים
(געזעצן, דינים)

## דער דין וועגן אַ אידישן קנעכט

און דאָס זיינען די געזעצן, וואָס דו, משה, זאָלסט גיבן גוט צו פאַרשטיין צו די אידן:

אַז דו וועסט קויפן אַ אידישן קנעכט, זאָל ער זעקס יאָר דינען, און אויפן זיבעטן זאָל ער ארויסגיין פריי, אומזיסט.

(דאָ רעדט זיך וועגן צוויי פאַלן: אַז איינער האָט גע'גנב'עט און האָט ניט מיט וואָס צו באצאָלן פאַר דער גנבה, דאמאָלט פאַר־קויפט אים דאָס געריכט (בית דין) פאַר אַ קנעכט, און פון דעם געלט וואָס מ'באקומט פאַר אים, באצאָלט מען פאַר דער גנבה; אָדער איינער אַן אָרימאַן נעמט און פאַרקויפט זיך אַליין, כדי ער זאָל האָבן צום לעבן.)

אויב דער קנעכט קומט צום האַר אַליין, אָן אַ ווייב, זאָל ער ארויסגיין פריי אַליין. (דער האַר טאָר אים ניט גיבן קיין גויאישע ווייב, כדי צו האָבן זיינע קינדער פאַר קנעכט.)

אויב אָבער דער קנעכט האָט יאָ אַ אידישע ווייב, דאַרף דער האַר שפייזן אויך זיין ווייב און קינדער, — און ווען ער גייט ארוים פריי, דאַרף זיין ווייב אויך גיין פריי מיט אים.

און אויב דער קנעכט האָט שוין אַ ווייב, מעג דער האַר אים גיבן אויך אַ גויאישע ווייב. און ווען דאָס גויאישע ווייב וועט אים געבוירן קינדער, געהערט דאָס גויאישע ווייב מיט אירע קינדער צום האַר, און דער קנעכט גייט ארויס פריי אַליין.

און אויב דער קנעכט וועט זאָגן: „איך האָב ליב מיין האַר, מיין ווייב און מיינע קינדער, און איך וויל ניט ארויסגיין פריי, — זאָל דער האַר אים ברייגען צו די ריכטער (דיינים) און אים צופירן צו דער טיר, אָדער צום ביישטידל (מזוזה), און ער זאָל דורכלעכערן זיין אויער מיט אַן אָל, און ער זאָל בלייבן דינען ביז יובל.

* * * *

## דער דין וועגן אַ אידישער דינסט

ווען איינער פאַרקויפט זיין קליינע טאָכטער פאַר אַ דינסט (ווייל ער איז אָרים און קאָן זי ניט שפייזן), זאָל זי ניט ארויסגיין פריי אויפן זיבעטן יאָר, אַזוי ווי אַ קנעכט. (נאָר זי בלייבט ביים האַר פאַר אַ ווייב.)

אויב אָבער זי געפעלט ניט דעם האַר, וואָס האָט זי געהאַט באַשטימט פאַר זיך, זאָל ער איר העלפן זיך אויסלייזן; אָבער ער האָט קיין רעכט ניט צו פאַרקויפן זי צו אַן אַנדערן, ווייל ער האָט געפעלשט אין איר.

און אויב דער האַר וועט זי באַשטימען פאַר אַ ווייב צו זיין זון, זאָל ער זיך מיט איר נוהג זיין לויטן שטייגער פון אַלע פרייע טעכטער.

און אויב דער האַר נעמט פאַר זיין זון נאָך אַן אַנדער ווייב, זאָל ער איר שפייז, איר קליידונג און איר פרויען-רעכט ניט מינערן.

און אַז ער וועט אָט די אַלע דריי זאַכן ניט טאָן צו איר, — זאָל זי ארויסגיין פריי אומזיסט, אָן געלט-צאָלונג.

* * * *

## דינים וועגן שלאָגן, מאָרדן און גנב'ענען

ווען איינער שלאָגט אַ צווייטן און יענער שטאַרבט פון די קלעפּ, דאַרף דער שלעגער געטויט ווערן.

אויב אָבער ער האָט ניט געשלאָגן בכוונה, נאָר עס איז געווען אומגערן, אַ צופאַל פון גאָט, זאָל זיין אַזאַ אָרט, וואוהין דער רוצח זאָל אַנטלויפן (אַ עיר מקלט), כדי די קרובים פונם טויטן (גואל הדם) זאָלן אים קיין שלעכטס ניט קאָנען טאָן.

ווען איינער וועט מוטוויליק (בכוונה) הרג'ען אַ מענטשן דורך אַ פאַלשער אַפּנאַרעריי (אָן ערמה), מעג מען אים אַראָפּ־נעמען אַפילו פונם מזבח צו הרג'ען אים. (ווייל אַמאָל איז געווען אַ מנהג, אַז ווען אַ רוצח האָט זיך אַנגעהאַלטן אין די ווינקלען פון מזבח, האָט מען אים ניט געטאָרט אָנרירן.)

דער וואָס שלאָגט זיין פאָטער, אָדער זיין מוטער, זאָל געטויט ווערן.

דער וואָס גנב'עט אַ מענטשן און פאַרקויפט אים, אָדער מע געפינט אים אין זיין האַנט, איידער ער פאַרקויפט אים, זאָל געטויט ווערן.

דער וואָס שילט זיין פאָטער, אָדער זיין מוטער, זאָל געטויט ווערן.

ווען מענטשן קריגן זיך, און איינער שלאָגט דעם אַנדערן מיט אַ שטיין אָדער מיט אַ פויסט, און דער געשלאָגענער שטאַרבט ניט, נאָר ווערט קראַנק. איז אויב ער וועט נאָכדעם אויפשטיין און ארומגיין אין גאַס אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, זאָל דער שלעגער זיין ריין; ער דאַרף נאָר באַצאָלן פאַר דעם שאָדן פון צייט און פון די רפואות.

ווען איינער שלאָגט זיין גויאישן קנעכט, אָדער זיין גויאישע דינסט מיט אַ שטעקן, און ער שטאַרבט אונטער זיין האַנט, — זאָל דער שלעגער געטויט ווערן. אויב אָבער דער קנעכט וועט לעבן אַ טאָג אָדער צוויי און ערשט נאָכדעם שטאַרבן, — זאָל דער

שלעגער ניט געטויט ווערן, וואָרים ער האָט דערמיט זיך אַליין שאָדן געטאָן; דער קנעכט איז דאָך זיין געלט.

ווען מענער קריגן זיך און טוען אַ שטויס אַ טראָגעדיקע פרוי, און אירע קינדער ווערלן ארוים (זי וועט מפיל זיין), נאָר מיט דער פרוי אַליין וועט קיין אומגליק ניט געשען, — זאָל דער שטויסער באַשטראָפט ווערן מיט געלט, לויטן אָפּשאַצונג פון די דיינים. און אויב עס וועט מיט דער פרוי יאָ געשען אַן אומגליק, זאָל ער באַצאָלן אויסלייזגעלט פאַר איר נפש, ווייל דאָס איז דאָך געשען אומגערן.

אַן אויג פאַר אַן אויג; אַ צאָן פאַר אַ צאָן; אַ האַנט פאַר אַ האַנט; אַ פוס פאַר אַ פוס. (לויט די אידישע חכמים איז דער דין אַזוי: ווען איינער שלאָגט אויס דעם אַנדערן אַן אויג, דאַרף ער באַצאָלן געלט, די ווערט פון אַן אויג. פאַר אַ צאָן — די ווערט פון אַ צאָן. פאַר אַ האַנט — די ווערט פון אַ האַנט. פאַר אַ פוס — די ווערט פון אַ פוס. פאַר אַ ברען — די ווערט פאַר אַ ברען. פאַר אַ וואונד — די ווערט פון אַ וואונד. פאַר אַ בייל — די ווערט פון אַ בייל).

ווען איינער שלאָגט אויס אַן אויג אָדער אַ צאָן פון זיין גויאישן קנעכט, אָדער זיין דינסט, — זאָל ער זיי לאָזן פריי דערפאַר.

* * * *

## דינים וועגן אַ שטויסנדיקן אָקס

(אַ „תם" און אַ „מועד")

ווען אַן אָקס (אָדער אַן'אַנדער בהמה) שטויסט אַ מענטשן צום ערשטן מאָל (דאָס הייסט אַ „תם"), און דער מענטש שטאַרבט, זאָל דער אָקס פאַרשטיינט ווערן און זיין פלייש טאָר ניט געגעסן ווערן, און דער בעל־הבית אַליין איז ריין.

אויב אָבער דער אָקס איז אַ שטויסנדיקער פון פריער און מע האָט שוין דעם בעל־הבית וועגן דעם געוואָרנט דריי מאָל

(דאָס הייסט אַ „מועד"), און ער האָט אים ניט געהיט און ער האָט געטויט אַ מענטשן, — זאָל דער אָקס פאַרשטיינט ווערן, און דער בעל־הבית זאָל אויך געטויט ווערן (דורך גאָט, און ניט דורך מענטשן). און אויב עס וועט ארויפגעלייגט ווערן אַן אויסלייז פון געלט פאַר דער זינד, זאָל ער באַצאָלן וויפיל די דיינים וועלן הייסן.

פאַר שטויסן קליינע קינדער איז אויך דער זעלבער דין, ווי פאַר דערוואַקסענע.

אויב דער אָקס וועט שטויסן אַ גויאישן קנעכט, אָדער אַ דינסט, דאַרף דער בעל־הבית באַצאָלן דרייסיק שקלים צום האַר, און דער אָקס זאָל פאַרשטיינט ווערן.

אויב איינער וועט עפענען אַ פאַרמאַכטן גרוב, אָדער ער וועט גראָבן אַ גרוב און וועט אים ניט צודעקן (אין רשות הרבים), און עס וועט אַהין ארייִנפאַלן אַן אָקס, אָדער אַן אַנדער בהמה, זאָל דער בעל־הבית פון גרוב באַצאָלן די ווערט פון דער גע־טויטער בהמה, און די טויטע בהמה זאָל געהערן צו אים.

ווען אַן אָקס (אַ תם) שטויסט אַ צווייטן אָקס אויף טויט, זאָלן זיי פאַרקויפן דעם לעבעדיקן אָקס און זיך צעטיילן מיטן געלט, און אויך מיטן טויטן אָקס צעטיילן.

אויב אָבער דער אָקס איז אַ שטויסנדיקער (אַ מועד), און דער בעל־הבית האָט אים ניט געהיט, זאָל ער באַצאָלן פאַרן גאַנצן אָקס, און דער טויטער אָקס געהערט צו אים.

* * * *

## דינים וועגן גנבות און שאָדנס

ווען איינער גנב'עט אַן אָקס, אָדער אַ לעמעלע, און ער קוילעט זיי אָדער ער פאַרקויפט זיי, זאָל ער באַצאָלן פינף רינדער פאַרן אָקס, און פיר שאָף פאַרן לעמעלע.

ווען איינער געפינט אַ גנב, ביינאַכט, ביי אַן איינברעכונג, און ער שלאָגט אים, און דער גנב שטאַרבט, — דאַרף מען דעם

שלעגער ניט הרג'ענען. אויב אָבער עס טרעפט בייטאָג, און דער גנב שטאַרבט פונם שלאָגן, איז דער שלעגער שוין אַ רוצח און ער דאַרף באַשטראָפט ווערן. דער גנב דאַרף נאָר באַצאָלן צווייםאָל אַזויפיל (כפל) וויפיל די גנבה באַטרעפט; און אויב ער פאַר־מאָגט ניט צו באַצאָלן, פאַרקויפט מען אים פאַר אַ קנעכט (אָבער טויטן טאָר מען אים ניט).

ווען איינער לאָזט זיין בהמה אַרומגיין פריי, און זי פאַר־דאַרבט עמיצענס פעלד, זאָל ער מיטן בעסטן פון זיין אייגענעם פעלד באַצאָלן.

ווען אַ פייער צעשפּרייט זיך און טרעפט אָן דערנער, און פאַרברענט אַ שייער, אָדער שטייענדיקע תבואה, אָדער בוימער און פלאַנצונגען אין פעלד, זאָל דער וואָס האָט געמאַכט דאָס פייער באַצאָלן פאַר אַלצדינג.

* * * *

## דינים וועגן פיר היטערס
(אַרבעה שומרים)

### א) דער אומזיסטיקער היטער
(שומר חנם)

ווען איינער גיט אַ צווייטן געלט אָדער זאַכן אָפּצוהיטן אומ־זיסט, אָן געצאָלט, און מע גנב'עט זיי אַוועק פון היטער'ס הויז, — איז אויב מ'געפינט דעם גנב, — דאַרף ער באַצאָלן טאָפּל; אויב אָבער מ'געפינט ניט דעם גנב, דאַרף דער היטער (שומר) גייען צום געריכט און שווערן, אַז ער האָט ניט אָנגערירט צו נעמען פאַר זיך דעם פרעמדנ'ס אייגנטום, וואָס איז געווען ביי אים, און ער איז פריי פון שולד (פאַרן פקדון).

און אַזוי איז דער דין וועגן דעם באַשולדיגונג פון יעדער זאַך: אַן אָקס, אַן אייזל, אַ שעפּס, אַ קלייד, ווען מ'גיט זיי צו אַ שומר חנם, און זיי ווערן צוגעגנב'עט; אָדער ווען איינער געפינט אַ

פאַרלוירענע זאַך (אבדה), און זי ווערט ביי אים אַוועקגע׳גנב׳עט, נאָר דער אייגנטימער גלויבט עס נישט, און ער באַשולדיקט און זאָגט, אַז דער מענטש אַליין איז אַ גנב, — דאַרף ביידענ׳ס משפט געבראַכט ווערן צו די ריכטער (דיינים), און ווען מען זיי געפינען שולדיק, דאַרף ער באַצאָלן טאָפּל צום צווייטן. (ווייל פּונקט ווי מ׳טאָר ניט צונעמען ביי יענעם זיין אייגנטום, אַזוי טאָר מען אויך ניט חושד זיין יענעם אין אַ זינד און אים באַליידיקן אָהן אַ באַווייז).

## ב) דער באַצאָלטער היטער
### (שומר שכר)

ווען איינער גיט אַ צווייטן אַ בהמה אָפּצוהיטן פאַר געצאָלט, און די בהמה ווערט געטייט, אָדער זי ברעכט זיך אוים אַן אבר, אָדער זי ווערט געפאַנגען, און קיינער זעט ניט, — (ער זאָל קאָנען עדות זאָגן צי דאָס איז געשען דורך דעם אומערליכקייט פונם שומר, צי דורך אַ צופאַל, צי ער איז געווען געצווינגען דערצו פון גזלנים) — דאַרף דער שומר־שכר שווערן, אַז ער אַליין האָט זיך ניט באַנוצט מיט דער בהמה פאַר זיין אייגענער טובה וועגן, און ער איז פריי פון שולד.

אויב די בהמה ווערט אַוועקגע׳גנב׳עט, אָדער פאַרלוירן, — דאַרף דער שומר־שכר באַצאָלן (ווייל ער האָט געקראָגן באַצאָלט פאַרן אָפּהיטן זי).

אויב די בהמה ווערט פאַרצוקט פון אַ חיה, — זאָל דער שומר־שכר ברענגען די פאַרצוקטע בהמה אַלס באַווייז (עדות), און ער דאַרף ניט באַצאָלן פאַרן שאָדן (ער איז פּטור).

## ג) דער וואָס לייט
### (שואל)

ווען איינער לייט אַ בהמה פון אַ צווייטן, און זי ווערט געשעדיקט, אָדער געטייט, אָדער מע נעמט זי צו ביי אים, — איז אויב דאָס טרעפט זיך ווען דער אייגנטימער איז ניטאָ מיט אים דערביי, דאַרף דער שואל באַצאָלן.

אויב אָבער דער אייגנטימער איז יאָ דאָ דערביי (און ער זעט אַליין, אַז דער שואל איז ניט באַגאַנגען קיין שום אומערליכ-קייט), דאַרף דער שואל ניט באַצאָלן.

### ד) דער וואָס דינגט
(שכיר)

**ווען** איינער דינגט ביי אַ צווייטן אַ בהמה צו אַרבעטן מיט איר, און ער באַצאָלט דערפאַר, און עס טרעפט זיך אַן אומגליק מיט דער בהמה, — דאַרף ער ניט באַצאָלן, ווייל ער האָט דאָך שוין באַצאָלט פריער צום אייגנטימער פאַר דער אַרבעט.

(אויב אָבער די בהמה ווערט ביי אים אָוועקגעגנב'עט, — דאַרף ער יאָ באַצאָלן.)

* * * *

## פאַרשיידענע דינים

ווען אַ מאַן פאַרפירט אַ מיידל, דאַרף ער באַצאָלן איר פאָטער דעם געוויינליכן פרייז פאַר איר (נדן), און זי נעמען פאַר אַ ווייב. און אויב דער פאָטער וויל זי אים ניט גיבן פאַר אַ ווייב, דאַרף ער סאַי ווי באַצאָלן דעם נדן פאַר איר, ווי עס איז דער מנהג.

אַ מכשפה (כישוף-מאַכערן) טאָרסטו ניט לאָזן לעבן.

דער וואָס ברענגט קרבנות צו פרעמדע געטער, זאָל ער זיין אין חרם. ווייל נאָר צו גאָט אַליין מעג מען מקריב זיין.

קיין פרעמדן (אַ גר) זאָלסטו ניט נאַרן, און ניט דריקן, ווייל איר זענט אַליין געווען פרעמדע (גרים) אין לאַנד מצרים.

קיין אַלמנה און קיין יתום זאָלט איר ניט פייניקן, ווייל איך, גאָט, וועל געוויס הערן זייער געשריי, און עס וועט מיך פאַר-דריסן, און איך וועל אייך הרג'ען מיט אַ שווערד, און אייערע ווייבער וועלן ווערן אַלמנות און אייערע קינדער — יתומים.

אויב דו וועסט לייהען דיין אָרימען פריינט געלט, זאָלסטו

אים ניט מאַנען מיט קיין שטאַרקייט, ווען ער האָט ניט. און דו זאָלסט ניט נעמען ביי אים קיין צינזן (פּראָצענט, אינטערעסט).

אויב דו וועסט נעמען אַ קלייד אַלס משכון ביי אַ צווייטן, זאָלסטו עס אומקערן איידער די זון פאַרגייט, ווארים דאָס איז זיין איינציקער צודעק פאַר זיין לייב, מיט וואָס וועט ער זיך צו־דעקן? און אַז ער וועט שרייען צו מיר, וועל איך צוהערן, ווייל איך בין אַ דערבאַרמדיקער.

גאָט זאָלסטו ניט שילטן; און אַן עלטסטן פון דיין פאָלק זאָלסטו ניט שילטן.

פון דיינע תבואות און פון דיין וויין און בוימל זאָלסטו ניט פאַרשפּעטיקן צו ברענגען אַ מתנה צו גאָט.

דעם בכור פון דיינע קינדער זאָלסטו אויסלייזן צו מיר. און אַזוי זאָלסטו טאָן צום בכור פון דיינע אָקסן און שאָף; זיבן טעג זאָל ער בלייבן ביי זיין מוטער און אויפן אַכטן טאָג זאָלסטו אים אָפּגעבן צו מיר.

און איר זאָלט מיר זיין הייליקע מענטשן. און פלייש פון אַ פאַרצוקטער בהמה וואָס איר געפינט אין פעלד, זאָלט איר ניט עסן. פאַרן הונט זאָלט איר עס ארויסוואַרפן.

זאָלסט ניט ארויסברענגען קיין פאַלשן קלאַנג (שמועה). זאָלסט ניט מאַכן איין האַנט מיט אַ רשע צו זיין אַן עדות אויף אומרעכט.

זאָלסט ניט נאָכגיין נאָך אַ רבים (מאַיאָריטעט) צום שלעכטן. און ביי אַ משפט זאָלסטו ניט זאָגן דיין מיינונג צו פאַרבייגן דעם אמת, ווייל דער רבים זאָגט אַזוי. (אָבער ווען דער רבים איז צום גוטן, זאָלסטו יאָ נאָכגיין נאָך אים.)

זאָלסט ניט באַשיינען אַן אָרימאַן ביי אַ משפט (און אים גערעכט מאַכן, ווייל ער איז אַן אָרימאַן און דו האָסט אויף אים רחמנות, — דאַרפסט משפּט'ן מיט אמת.)

ווען דו באַגעגנסט דיין פיינט'ס אָקס אָדער אייזל בלאָנ־דזשען, זאָלסטו זיי אים אומקערן אַהיים.

ווען דו זעסט דיין פיינט'ס אייזל ליגן אונטער זיין משׂאָ, זאָלסטו ניט טראַכטן, אַז דערפאַר וואָס עס איז אַ שונא'ס, ווערסטו אים ניט העלפן, — דו דאַרפסט אים העלפן.

זאָלסט ניט פאַרבייגן דעם משפּט פון אָרימאַן, ווען ער קריגט זיך מיט אַ רייכן.

זאָלסט זיך דערווייטערן פון יעדער פאַלשקייט ביי אַ משפּט. זאָלסט גוט אויסהערן די עדות און די בעלי־דין, כדי זאָלסט ניט הרג'ען קיין אומשולדיקן און גערעכטן, ווייל איך וועל דעם רשע סאַי ווי ניט גערעכט מאַכן.

קיין שוחד (אַ מתנה פון אַ גע'משפּט'ן) זאָלסטו ניט נעמען, וואָרים דער שוחד מאַכט בלינד זעענדיקע און פאַרקרימט די רייד פון אָרענטליכע.

* * * *

## דער דין וועגן שמיטה

(פאַרלאָזן)

זעקס יאָר זאָלסטו זייען דיין לאַנד (פעלד) און איינזאַמלען זיין תבואה; און אין דעם זיבעטן יאָר זאָלסטו די ערד פאַרלאָזן ניט פאַרזייט און איבערלאָזן אַלץ וואָס זי וועט פון זיך אַליין ארויסגיבן, און זאָלן דאָס עסן די אָרימעלייט (אביונים) פון דיין פאָלק.

און דאָס וואָס וועט איבערבלייבן פון די אָרימע, זאָלן עס די חיות פון פעלד אויפעסן.

אַזוי זאָלסטו אויך טאָן מיט דיין ווייִנגאָרטן און מיט דיין אייִלבירטגאָרטן.

* * * *

## די דריי הויפּט ימים־טובים

(שלש רגלים)

דריי מאָל אין יאָר זאָלסטו מאַכן יום־טוב צו מיר. **(רגל — יום־טוב; רגל — מאָל; רגל — פוס).**

**פסח**: דעם יום־טוב פון מצות זאָלסטו אָפּהיטן. זיבן טעג זאָלסטו עסן מצות, ווי איך האָב דיר אָנגעזאָגט, צו דער צייט פון פרילינג־חודש (ניסן), וואָרים אין דעמדאָזיקן חודש ביזטו ארויס־געגאַנגען פון מצרים. און מע זאָל ניט ווייזן פאַר מיר מיט ליידיקן, אָן קרבנות. (חג המצות — דער יום טוב פון מצות).

**שבועות**: און דעם יום־טוב פון שניט, פון די ערשטע צייטיקע פרוכט פון דיין אַרבעט, וואָס דו וועסט פאַרזייען אין פעלד, — זאָלסטו אָפּהיטן. (שבועות — וואָכן: מ׳ציילט זיבן וואָכן נאָך פסח; דער יום־טוב הייסט אויך: חג הקציר — דער יום טוב פון שניט; און אויך חג הבכורים — דער יום טוב פון די ערשטע־צייטיקע פרוכט.)

**סוכות**: און דעם יום טוב פון איינזאַמלונג, ווען דאָס יאָר פון פעלד־אַרבעט גייט אוים און דו זאַמלסט איין דיינע פרוכט פון פעלד, — זאָלסטו אָפּהיטן. (סוכות —ביידלעך: ווייל די אידן זיינען געזעסן אין ביידלעך, ווען זיי זיינען געווען אין דעם מדבר; דער יום־טוב הייסט אויך: חג האָסיף — דער יום טוב פון איינזאַמלונג.)

דריי מאָל אין יאָר זאָלן דיינע מאַנסבילן זיך ווייזן פאַר גאָט, דעם האַר. (עולה רגל זיין קיין ירושלים.)

די ערשטע צייטיקע פרוכט פון דיין ערד זאָלסטו ברייננען אין הויז פון גאָט דיין האַר.

זאָלסט ניט קאָכן קיין ציגעלע אין זיין מוטער׳ס מילך (בשר בחלב).

* * * *

## גאָט וואָרנט דאָס פאָלק

זע, איך שיק פאָראויס דיר אַ מלאָך צו היטן דיך אויפן וועג און צו ברייננען דיך צום אָרט, וואָס איך האָב אָנגעגרייט. היט זיך פאַר אים און פאָלג אים, זאָלסט אָן אים ניט ווידערשפּעניקן,

וואָרים ער וועט ניט פאַרגיבן אייער זינד, ער איז נאָר אַ שליח געשיקט אין מיין נאָמען.

אויב דו וועסט אים פאָלגן און דו וועסט טאָן אַלץ, וואָס איך רעד, וועל איך פיינט האָבן דיינע פיינט און דריקן דיינע דריקער.

און ווען מיין מלאך וועט דיך ברענגען אין די לענדער פון דעם אמורי, פון דעם חתי, פון פריזי, פון דעם כנעני, פון דעם חוי און פון דעם יבוסי, און איך וועל די פעלקער פאַרטיליקן, זאָלסטו זיך ניט בוקן צו זייערע געטער און זאָלסט זיי ניט דינען, און זאָלסט ניט טאָן ווי זיי טוען, נאָר דו זאָלסט צעשטערן און צע־ברעכן די געטער און זייערע מצבות (מאָנומענטן).

איר זאָלט דינען נאָר אייער גאָט, און ער וועט בענטשן אייער ברויט און וואַסער, און ער וועט אייך פאַרהיטן פון אַלע שלאַפקייטן.

און משה איז געקומען און האָט דערציילט דעם פאָלק אַלע ווערטער פון גאָט און אַלע זיינע געזעצן. און דאָס פאָלק האָט אין איין קול געענטפערט: „אַלץ וואָס גאָט האָט גערעדט, וועלן מיר טאָן!“.

און משה האָט אַלצדינג פאַרשריבן. און ער איז אויפגע־שטאַנען גאַנץ פרי, און ער האָט געבויעט אַ מזבח אונטערן באַרג, און ער האָט אויפגעשטעלט צוועלף מאָנומענטן (מצבות) צו די צוועלף אידישע שבטים. און ער האָט געשיקט די בכורים פון די אידן און זיי האָבן אויפגעבראַכט קרבנות צו גאָט. און משה האָט גענומען האַלב פונם בלוט און געטאָן אין בעקנס, און האַלב האָט ער געשפּריצט אויפן מזבח.

און משה האָט גענומען דעם „ספר הברית“ (דאָס בוך פון בונד) און ער האָט געלייענט פאַרן פאָלק, און זיי האָבן געזאָגט: „אַלץ וואָס גאָט האָט גערעדט, וועלן מיר טאָן און הערן (פאָלגן)“.

און משה האָט גענומען פונם בלוט פון די קרבנות, וואָס איז געווען אין די בעקנס, און ער האָט געשפּריצט אויפן פאָלק, און ער האָט געזאָגט: „אָט דאָס איז דאָס בלוט פונם בונד, וואָס גאָט האָט מיט אייך געשלאָסן וועגן דידאָזיקע אַלע ווערטער!“

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— קום ארויף צו מיר אויפן באַרג און זיי דאָרטן, און איך וועל דיר גיבן די שטיינערנע לוחות (טאָוולען) מיט דער תורה און געבאָט, וואָס איך האָב געשריבן צו לערנען זיי!

און משה איז ארויף אויפן באַרג, און דער וואָלקן האָט אים צוגעדעקט.

און משה איז געווען אויפן באַרג סיני פערציק טעג און פערציק נעכט.

# מעשיות און לעגענדעס

.1

## די גערעכטע וועגן פון גאָט

משה האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די אַלע עוולות און אומ־גערעכטיגקייטן, וואָס מענטשן טוען איינער צום צווייטן, און ער האָט זיך געווענדט צו גאָט:

— דו, ריכטער פון דער גאַנצער וועלט! גיב מיר צו פאַר־שטיין די סודות פון דיין פירונג! פאַרוואָס איז דעם רשע אַזוי גוט און דעם צדיק אַזוי שלעכט?...

האָט גאָט אים געענטפערט:

— אַט וועל איך דיר עפענען דיינע אויגן און דו וועסט נאָר זען איינ׳קע בילדער, און אַלץ וועט דיר קלאָר ווערן!

און באַלד האָט זיך פאַר משה׳ס אויגן אַנטפּלעקט אַזאַ מין בילד:

אַ הויכער באַרג. לעבן באַרג פליסט אַ טייכל. צום טייכל איז צוגעפאָרן אַ רייטער, ער איז אַראָפּ פון פערד, זיך אָנגעבויגן צום וואַסער און האָט געטרונקען. נאָכדעם האָט ער אָנגעטרונקען זיין פערד אויך.

און ווען ער האָט זיך ארויפגעזעצט צוריק אויפן פערד און זיך גערירט פון אָרט, איז אַ בייטל מיט געלט ארויסגעפאַלן פון זיין קעשענע.

דער רייטער איז אַוועק, און באַלד איז צוגעקומען צום טייכל אַ יונגער פאַסטוך מיט זיינע שעפסן, און ער האָט געפונען דעם בייטל מיט געלט. וואָס דער רייטער האָט נאָר וואָס פאַרלאָרן.

דאָס פאַסטוכל האָט אָנגעטרונקען זיין סטאַדע, און איז אַ פריילעכער אַוועק מיט דער מציאה.

אין עטליכע מינוט אַרום איז צום טייכל צוגעקומען אַן אַלטער מאַן. דער אַלטער איז געווען זייער מיד פון וועג און אָפּגעשוואַכט פון דער היץ. ער האָט זיך אָנגעטרונקען און אָפּגעוואַשן זיין פּנים, און ער האָט זיך אַוועקגעלעגט אויף דעם ברעג פון טייכל און איז געשמאַק איינגעשלאָפן.

עס האָט לאַנג ניט גענומען, און דער רייטער איז געקומען צולויפן צוריק צום טייכל און האָט אָנגעהויבן זוכן זיין פאַרלאָרענעם בייטל מיט געלט.

און ווען ער האָט דערזען דעם שלאָפנדיקן אַלטן מאַן, איז ער צוגעלאָפן גלייך צו אים און האָט אים אויפגעוועקט מיט אַ קלאַפּ אין דער זייט:

— העי, דו אַלטער! גיב מיר אָפּ מיין בייטל מיט געלט, וואָס דו האָסט דאָ געפונען!...

דער אַלטער קוקט אים אָן פאַרוואונדערט, און זאָגט:

— איך וויים ניט, וואָס דו רעדסט! וואָס פאַר אַ בייטל מיט געלט זאָל איך דיר אָפּגיבן? איך האָב דאָ קיין שום בייטל ניט געזען אַפילו!...

ווערט דער רייטער שטאַרק אין כעס און צעשרייט זיך:

— דו, אַלטער גנב, דו האָסט געווים מיין פאַרלאָרענעם בייטל ערגיץ באַהאַלטן! שוין זאָלסטו אים מיר אָפּגיבן צוריק, אויב דיין לעבן איז דיר טייער!

איז דער אַלטער מאַן שוין אויך געוואָרן אין כעס פאַר דעם בלבול, וואָס דער רייטער האָט אויף אים אויסגעטראַכט, און ער האָט אים גוט אָנגעזידלט.

איז דער רייטער נאָכמער אויפגערייצט געוואָרן און ער האָט דעם אַלטן אַזוי געשלאָגן, אַז ער איז געבליבן ליגן אַ טויטער.

דער רייטער האָט דורכגעזוכט דעם אַלטנ׳ס אַלע קליידער און ער האָט, פאַרשטייט זיך, דאָרטן זיין בייטל ניט געפונען, איז ער אַרויף אויפן פערד און איז מיט כעס און פאַרדרוס אַוועק.

---

אז משה האָט דאָס דערזען, איז ער נאָכמער טרויעריק געוואָרן און געזאָגט:

— גאָט דערבאַרמדיקער! ווי איז דאָס מעגליך צוצוזען אַזאַ מין אומרעכט און צו שווייגן?!

האָט אים גאָט געענטפערט:

— דאָס איז נאָר „איין זייט פון דער מטבע”. איצט גיי ארויף אויפן באַרג און קוק פונדערווייטנס, וועסטו זען „די צווייטע זייט” אויך!

---

משה איז ארויף אויפן באַרג און ער האָט דערזען אַנ׳אַנדער בילד:

אַ קליין אינגל פירט אַ הינקענדיקן בעטלער ביי דער האַנט. זיי ווערן מיד און זיי זעצן זיך אַוועק אויף דער ערד אָפּרוען. זיי נעמען ארויס שטיקלאַך ברויט פון אַ זעקל און זיי עסן.

פלוצלינג קומט צו צו זיי אַן אַלטער מאַן, אַ הויכער און אַ געזונטער, ער זעצט זיך אַוועק לעבן בעטלער, פאַרפירט מיט אים אַ פריינטליכן שמועס, און ווען יענער לעגט זיך אויף דער ערד אָפּצורוען, טוט ער אויך אַזוי און לעגט זיך לעבן אים. און ווי נאָר דער בעטלער און זיין אינגל האָבן איינגעדרעמלט, איז דער אַלטער באַפּאַלן דעם בעטלער און האָט אים דער׳הרג׳עט און צוגענומען ביי אים דאָס גאַנצע געלט.

ווען דאָס אינגל האָט געזען אַז זיין פאָטער איז טויט איז ער געפאַלן דעם רוצח צו די פיס און געוויינט פאַר אים מיט בלוטיקע טרערן, אַז ער זאָל אויף אים רחמנות האָבן און אים כאָטש אָפּגעבן צוריק עטליכע מטבעות פון זיין פאָטער׳ס געלט, כדי ער זאָל ניט שטאַרבן פון הונגער. נאָר דער אַלטער רוצח האָט אפילו ניט געוואָלט הערן דערפון, און ער איז גלייך אַנטלאָפן.

פונדערווייטן איז געפאָרן אַ רייטער און ער האָט געזען אַלץ, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. און ווען דער אַלטער רוביער איז אנט-

לאָפן מיטן געלט, איז דער רייטער אים נאָכגעלאָפן, האָט אים גוט אָנגעשלאָגן און האָט ביי אים אַוועקגערויבט דאָס גערויבטע געלט...

---

— אָ, איצט איז מיר שוין אַלץ קלאָר! — האָט משה אויס־גערופן מיט פרייד — איצט ווייס איך שוין ווער דידאָזיקע פאַר־שוינען זיינען:

אָט יענער אַלטער מאַן, וואָס איז נאַרוואָס דער׳הרג׳עט געװאָרן ביים טייכל, איז דאָך דער אַלטער רוצח, וואָס האָט דער׳הרג׳עט דעם הינקענדיקן בעטלער!

אָט יענער רייטער, וואָס האָט דעם אַלטן רוצח געטויט, איז דאָך דער רויבער, וואָס האָט אים פריער בארויבט און צוגענומען דאָס געלט!

און אָט דער יונגער פאַסטוך, וואָס האָט דעם בייטל מיט געלט געפונען ביים טייכל, איז דאָך דאָס אינגל, וואָס האָט געפירט זיין הינקענדיקן פאָטער, דעם בעטלער!

— אָ, גאָט, דו ביזט גערעכט און דיין משפט איז גערעכט! איצט זע איך, אַז דער רשע קריגט טאַקע די שטראָף, וואָס ער פאַרדינט, און דער צדיק ווערט געהאָלפן!...

* * * *

## דער גאָרטן מיט די וואונדערליכע בוימער

(אַ משל)

אַ קעניג האָט אַמאָל געהאַט אַ פרעכטיקן גאָרטן מיט וואונ־דערליכע בוימער, וועלכע פלעגן אַרויסגעבן אַזוינע פרוכט, וואָס האָבן געזונט געמאַכט אַלע קראַנקע.

דער קעניג האָט אָבער קיין קינדער ניט געהאַט, פלעגט ער איינער אַליין אַרומשפּאַצירן אין דעם גאָרטן און עסן פון זיינע פרוכט, און ער אַליין האָט געמוזט דעם גאָרטן היטן, אַז קיינער זאָל די פרוכטבוימער ניט אויסברעכן.

שפּעטער אָבער זיינען ביים קעניג געבוירן געוואָרן קינדער, און ער האָט זיי ליב געהאַט ווי זיין אייגן לעבן, און נאָר זיי האָט ער געוואָלט איבערגעבן זיין טייערן גאָרטן.

ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן, האָט דער קעניג זיי אריינגערופן און צו זיי אַזוי געזאָגט:

— טייערע קינדער מיינע! אָט דעמדאָזיקן וואונדערליכן גאָרטן פלעג איך אַלע יאָרן אַליין אָפּהיטן און האָב אים ניט גע־טרויעט אפילו מיינע דינער. איצט אָבער גיב איך אים איבער אין אייערע הענט, און וואָס בעסער איר וועט אים אָפּהיטן, אַלץ מער געזונט וועט ער אייך ברייגנען!...

---

דער קעניג איז גאָט. דער גאָרטן איז די תורה. איידער דאָס אידישע פאָלק איז געבוירן געוואָרן האָט גאָט אַליין אָפּגעהיט די תורה. און נאָכדעם ווי די אידן זיינען ארוים פון מצרים און זיי זיינען ווערט געווען צו קריגן די תורה, האָט גאָט זי געגעבן צו די אידן דורך משה'ן און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז וואָס בעסער די אידן וועלן היטן די תורה, אַלץ געזינטער וועט דאָס אידישע פאָלק ווערן: „עץ חיים היא למחזיקים בה", אַ בוים פון לעבן איז די תורה צו די, וואָס האַלטן זי!...

* * * *

## רחמנות אויף אַן אַרבעטער

(אַ משל)

איינער, אַ שלעכטער מענטש, האָט אָנגעלאָדן אַ סך משאָ אויף זיין אייזל, אַז עס האָט זיך קוים געקאָנט רירן פון אָרט. דער מענטש האָט דאָס אייזל געטריבן, געשלאָגן, עס זאָל גייען גיכער, נאָר דאָס אייזל האָט זיך קוים געשלעפּט מיט דער משא טריט ביי טריט.

איז ער אַוועק און האָט געקויפט אַ בינטל היי און האָט עס ארויפגעלייגט צו זיך אויף דער פּלייצע און איז געגאַנגען פאַר־

אוים דעם אייזל. דאָס אייזל האָט געמיינט, אַז דאָס גיט אים דער בעל־הבית צו עסן, איז עס מיט אַלע כוחות נאָכגעגאַנגען און געטראָגן די שווערע משאָ.

און אַז דער בעל הבית איז געקומען אַהיים, האָט ער אַריינגעפירט דאָס אייזל אין שטאַל אריין, און דאָס בינטל היי האָט ער אויפגעהאָנגען אַזוי הויך, אַז דאָס אייזל זאָל עס ניט קאָנען דערלאַנגען.

איז אַ שכן צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט:

— זע, ווי שלעכט דו ביזט, דו האָסט קיין רחמנות ניט אויף דעם אָרימען באַשעפעניש! אַ גאַנצן וועג האָסטו דאָס אייזל גענאַרט, און עס האָט מיט אַלע כוחות געאַרבעט פאַר דיר, און איצט, אַפילו אין דערהיים, ווילסטו דעם אויך ניט געבן, וואָס ער האָט פאַרדינט!...

---

אַזוי האָט די תורה אָנגעזאָגט וועגן יעדן אַרבעטער: ווען ער אַרבעט ביי דיר, מוזטו רחמנות האָבן אויף אים און אים באַצאָלן, וואָס ער האָט פאַרדינט, — און נאַרן טאָרסטו קיינעם ניט!

---

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**חנם אין כסף** (אומזיסט, אָן געלט)
בחנם — אומזיסט.

**בגפו יבוא בגפו יצא** (אליין קומט ער, אליין גייט ער ארויס).

**עין תחת עין** (אַן אויג פאַר אַן אויג).

**„שבת, רפוי און בושת"** (ליידיק זיצן, היילן און בזיון)
ווען איינער איז מזיק אַ צווייטן, דאַרף ער אים באַצאָלן: „שבת, רפוי און בושת". (אַזוי זאָגן די חכמים.)

**אין לו** (ער האָט נישט)
„אין לי" איז אַ גוטע טענה — (פאָלקס-ווערטל.)

**אחרי רבים להטות** (נאָך דער מערהייט דאַרף מען נאָכגיין)
„די מאַיאָריטעט (רבים) האָט די דעה". „ווען צוויי זאָגן שיכור, דאַרף זיך דער דריטער לעגן שלאָפן".

**עזוב תעזוב עמו"** (זאָלסט אים מיטהעלפן).

**מדבר שקר תרחק** (פון פאַלשקייט זאָלסטו זיך דערווייטערן).

**השוחד יעור עיני פקחים** (שוחד מאַכט בלינד זעענדיקע)
„די מטבע פאַרבלענדט די אויגן".

**בעל דברים** (די וואָס האָבן אַ משפט, די בעלי-דין)
„בעל דבר" הייסט אויך דער „יצר הרע", דער „שטן".
„דער בעל דבר אליין" זאָגט מען אויך אויף איינעם, וואָס מיט אים האָט אַ זאַך געטראָפן.

**נעשה ונשמע** — מיר וועלן טאָן און וועלן הערן! (פאָלגן)

סדרה
# תרומה
(אַן אָפּשיידונג)

## דער משכן און זיינע כלים

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די בני ישראל, אַז זיי זאָלן נעמען פאַר מיר אַן אָפּשיידונג. יעדער מאַן זאָל ברייננען אַן אָפּשיידונג פון זיין פאַר־מעגן, אַלץ וואָס זיין האַרץ וועט באַוויליקן (נדבה — באַוויליקונג): גאָלד, זילבער, קופּער, בלויע וואָל, פּורפּול וואָל, רויט־געפאַרבטע וואָל, ליינען, ציגנהאָר, רויט־געפאַרבטע פעלן פון ווידערס, פעלן פון הירשן, שטים־האָלץ (אַקאַציע), אייל פאַר לייכטונג, געווירצן צום זאַלב־בוימל און צום רויכערן און אויך טייערע שטיינער.

און דערפאַר זאָל מען מיר מאַכן פאָלגענדע זאַכן:

**אַ משכן** (אַ מקדש), אַ הייליקטום. און איך וועל רוען צווישן זיי. דער משכן זאָל האָבן צען פאַרהאַנגען פון געדרייטן ליינען און פון בלויע און פורפּול און רויטע וואָל.

**אַ אָרון**, אַ קאַסטן זאָל מען מיר מאַכן דאָרטן פון שטים־האָלץ, באַדעקט מיט גאָלד פון אינווייניק און פון אויסווייניק, מיט פיר גאָל־דענע רינגען ביי די ווינקלען, און שטאַנגען פון דעמזעלבן האָלץ באַ־דעקט מיט גאָלד צו טראָגן דעם אָרון. און אין אָרון זאָל מען האַלטן די לוחות (טאָוולען) פון די געזעצן.

**אַ כפּורת.** אַ צודעק פון ריינעם גאָלד, וואָס זאָל צודעקן דעם אָרון פון אויבן. און צוויי גאָלדענע כרובים, אויסגעקלאַפּט פונם גאָלד פונם כפּורת פון ביידע עקן, און די כרובים זאָלן אויסשפּרייטן זייערע פליגלען צו דער הויך איבערן צודעק, און זייערע פּנימער איינער אַקעגן אַנדערן.

**אַ פּרוכת.** אַ פֿאָרהאַנג פֿון בלויער און פּורפּול וואָל, קונציק אויסגעאַרבעט מיט כּרובים. ער זאָל אַרויפגעטאָן ווערן אויף פיר זיילן פון שטים-האָלץ מיט גאָלד איבערגעצויגן, און אויפגעהאַנגען אויף האָקן. אינעווייניק פון פּרוכת זאָל אַריינגעשטעלט ווערן דער אָרון, און דער פּרוכת זאָל מאַכן אַ מחיצה (אָפּטיילונג) צווישן משכּן און דעם קדש-קדשים.

**אַ שולחן.** אַ טיש פון שטים-האָלץ, איבערגעצויגן מיט ריינעם גאָלד, מיט אַ גאָלדענעם קראַנץ אַרום, מיט פיר גאָלדענע רינגען ביי אַלע פיר עקן, און שטאַנגען פון שטים-האָלץ איבערגעצויגן מיט גאָלד צו טראָגן דעם טיש.

און שיסלען, און שאָלן, און קריגעלאַך, און בעכערם פון ריינעם גאָלד.

אויפן טיש זאָל מען אַרויפלעגן דאָס הייליקע ברויט, (**לחם הפּנים**: דאָס זיינען געווען צוועלף חלות, וואָס זיינען תּמיד געלעגן אויף ביידע זייטן פון טיש אין צוויי הויפנס, זעקס חלות אויף יעדן עק טיש, און אַלע פרייטאָג פאַרנאַכט פלעגט מען פאַרבייטן די אַלט-געבאַקענע חלות אויף פרישע).

**אַ מנורה.** אַ לייכטער פון ריינעם גאָלד, אויסגעקלאַפּט פון איין שטיק, מיט אויסגעטאָקטע בעכערלאַך, מיט קנעפּלאַך און מיט בלומען. און זיבן רערן זאָל זי האָבן, די מנורה; איין רער אינמיטן און צו דריי רערן אין אירע ביידע זייטן.

**אַ מזבח.** אַן אַלטאַר פון שטים-האָלץ, אַ פירעקיקער, מיט פיר הערנער אין זיינע פיר ווינקלען, איבערגעצויגן מיט קופּער, און שטאַנגען צו טראָגן דעם מזבח. און אַלע כּלים: טעפּ, און בעקנס, און גאָפּלען, און פייערפאַנען, אַלץ פון קופּער.

און פאָרהאַנגען פון ציגנהאָר פאַר אַ געצעלט איבערן משכּן. עלף פאָרהאַנגען, און אַ צודעק פון רויט-געפאַרבטע ווידער-פעלן פאַר דעם געצעלט.

**אַ חצר.** אַ הויף צום משכּן זאָל מען מאַכן.

——:—— 

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

## גאָט, די תורה און די אידן

(אַ משל)

אַ פאָטער האָט געהאַט איין־איינציקע טאָכטער (בת יחידה) וואָס איז ביי אים געווען טייערער פון זיין לעבן. ווען עס איז געקומען די צייט צו חתונה מאַכן איר, האָט ער פאַר איר געפונען דעם שענסטן און בעסטן יונגענמאַן אין דער מדינה.

נאָך דער חתונה האָט דער איידעם געוואָלט נעמען זיין ווייב און מיט איר אַוועקפאָרן אין זיין אייגענער שטאָט, נאָר דער פאָטער האָט זיך מיט זיין בת יחידה ניט געקאָנט שיידן.

האָט ער אריינגערופן דאָס פאָרפאָלק און צו זיי געזאָגט:

— קינדער מיינע, איר זיינט שוין גרויסע, דערוואַקסענע, און איך האָף, אַז איר וועט מיך מיטפילן. דו, טאָכטער מיינע, ווייסט גוט, ווי אַזוי איך האָב דיך ליב, אָבער כ׳מוז דיך לאָזן גיין מיט דיין מאַן. דו, איידעם מיינער, ווייסט גוט, אַז דו ביזט איצט ביי מיר אַזוי ליב, ווי מיין טאָכטער. און איך קאָן זיך מיט אייך ניט שיידן. דערום בעט איך אייך, אַז איר זאָלט מיך ניט פאַרלאָזן, נאָר אומעטום וואוהין איר וועט גיין, זאָלט איר פאַר מיר אויך מאַכן אַ שטיקל פלאַץ, און איך וועל זיין לעבן אייך תמיד!...

---

אַזוי האָט גאָט אויך געזאָגט:

— די תורה איז ביי מיר טייער. און אַז איך האָב זי געגעבן צו די אידן, זיינען זיי ביי מיר אויך פונקט אַזוי טייער. איך קאָן זיך ניט שיידן מיט אייך. דערום בעט איך אייך, אַז וואוהין איר

וועט ניט גיין, זאָלט איר פאַר מיר אויך מאַכן אַ משכן (אַ הייליק-טום) און איך וועל זיין מיט אייך תמיד.

„קודשאָ-בריך-הוא, אוריתאָ וישראל חד הוא", גאָט, די תורה און די אידן זיינען איינס...

---

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**כל איש אשר ידבנו לבו** (יעדער מענטש וואָס זיין האַרץ וועט אים באוויליקן).

**זהב טהור** (ריין גאָלד).

**כפתור ופרח** (אַ קנעפּל און אַ בלום).

„ס'איז כפתור ופרח!" אָנשטאָט: אויסגעצייכנט! זעהר גוט!

סדרה

# תצוה

(דו זאָלסט אָנזאָגן)

## דער נר תמיד (דאָס שטענדיקע ליכט)

און דו זאָלסט אָנזאָגן די אידן, אַז זיי זאָלן דיר ברענגען ריינעם, לויטערן איילבירט-בוימל אויף צו באַלויכטן, און מיט אים אָנצינדן דעם נר תמיד.

אין אוהל-מועד (משכן), אינדרויסן פון פרוכת, וואָס פאַרדעקט דעם אָרון פון געזעץ, זאָל עס אהרן און זיינע קינדער צוריכטן מאַכן פאַר גאָט, פון אָוונט ביז אינדערפרי; אַן אייביק געזעץ פאַר די בני ישראל אויף דור-דורות.

* * * *

## דאָס באַשטימונג פון כהנים (הייליקע באַדינער)

און דו זאָלסט מאַכן נאָענט צו דיר דיין ברודער אהרנ'ען און זיינע קינדער מיט אים, פון צווישן אַלע אידן זאָלן זיי שטייען אין שפּיץ פון פאָלק, אַזוי ווי דו, און זיי זאָלן זיין כהנים צו מיר.

אהרן און זיינע פיר זין: נדב און אביהוא, אלעזר און איתמר זאָלן מיך באַדינען.

* * * *

## די אַכט הייליקע קליידער פאַרן כהן גדול

און דו זאָלסט מאַכן הייליקע קליידער (בגדי קודש) פאַר דיין ברודער אהרן, זיי זאָלן זיין אַ כבוד און אַ שיינקייט.

און דאָס זיינען די קליידער, וואָס דו זאָלסט באַפֿוילן די קלוגע און געניטע מייסטער צו מאַכן: אַ חושן, אַן אפוד, אַ מאַנטל, אַ געקעסטלט העמד, אַ הוט, אַ גאַרטל, אַ שטערנשילד און הויזן.

**דער חושן** איז געווען פֿירעקיג, געמאַכט פֿון גאָלד, און פֿון בלויע, פּורפּל און רויטע וואָל, און פֿון ליינען. אין אים זיינען געווען אריינגעזעצט פֿיר שורות (ציילן) דימענטן; דריי אין אַ שורה. די ערשטע צייל פֿון רובין, טאָפּאַז און שמאַראַגד; די צווייטע צייל פֿון גאַרפֿינקל, סאַפֿיר און דימענט; די דריטע צייל פֿון יאכצום, אַגאַט און אַמעטיסט; און די פֿירטע צייל פֿון גאָלדשטיין, אָניקל און יאשפֿיז. אויף די צוועלף שטיינער זיינען געווען אויסגעקריצט די נעמען פֿון די צוועלף שבטים. דער חושן האָט אויך געהייסן: „אורים ותומים" (ליכט און אמת) און „חושן משפּט" (דער חושן פֿון געזעץ), ווייל אין חושן האָט מען אריינ־געלייגט דעם „שם המפורש", גאָט'ס נאָמען, און דורך אים פֿלעגט דער כהן קריגן די ענטפֿערס פֿון גאָט וועגן די אידן, ווען נאָר עס איז געווען אַ וויכטיקע זאַך צו באַשליסן. דעם חושן האָט דער כהן געטראָגן אויף זיין האַרצן, איבערן אפוד.

**דער אפוד** איז געווען געמאַכט פֿון דיזעלביקע שטאָפֿן, וואָס דער חושן. צוויי פֿירעקיגע טיילן, אָנגעטאָן אויפֿן האַרצן און אויף דער פּלייצע מיט צוויי אַקסל־בענדער און צוגעבונדן מיט אַ גאַרטל. אויף די אַקסלבענדער זיינען געווען איינגעפּאַסט צוויי אָניקל־שטיינער, אויף וועלכע עס זיינען אויך געווען אויס־געקריצט די נעמען פֿון די צוועלף שבטים, זעקס נעמען אויף יעדער שטיין.

**דער מעיל** (מאַנטל) האָט זיך אָנגעטאָן איבערן קאָפּ, אונ־טערן אפוד. ער איז געווען געמאַכט פֿון לויטער בלויע וואָל, אָן אַרבל. ביי די זוימען פֿון אונטן זיינען געווען איינגעוועבט גאָל־דענע גלעקעלאַך און אַזוינע מילגרוימען פֿון בלויע, פּורפּל און רויטע וואָל.

**דאָס געקעסטלטע העמד** (כתונת) איז געווען געפלאָכטן און געשטריקט פון לייגען. דער כהן האָט עס געטראָגן אויפן לייב.

**דער הוט** (מצנפת) איז געווען אַ שטיק לייגען, זעכצן איילן די לענג, און איז געוואָרן ארומגעוויקלט אַרום קאָפּ, ווי אַ הויב.

**דער שטערנשילד** (ציץ) איז געווען אַזאַ מין דינער פּאַס פון ריינעם גאָלד, און אויף אים זיינען געווען אויסגעקריצט די ווערטער „קודש לד׳", הייליק צו גאָט. דעם ציץ האָט דער כהן געטראָגן צוגעבונדן צום הוט אויפן שטערן. ער האָט אויך גע־הייסן „נזר הקודש" (הייליקע קרוין).

**דער גאַרטל** (אבנט) איז געווען פון געשטיקטע לייגען.

**די הויזן** (מכנסים) זיינען געווען געמאַכט פון לייגען, און זייער קורצע, פון די לענדן ביז די דיכן.

* * * *

## משה הייליקט די כהנים (מלואים)

און דאָס זאָלסטו טאָן צו הייליקן די כהנים צו מיר:

נעם אַ יונגן אָקס און צוויי ווידערס אָן אַ פעלער, און אומ־געזייערט ברויט און אומגעזייערטע חלות געמישט מיט אייל, און אומגעזייערטע קוכנס באַשמירט מיט בוימל, — אַלע געמאַכט פון ווייצן זעמלמעל. און זאָלסט דאָס אַלץ אריינלעגן אין אַ קאָרב, און צוברייננען צום איינגאַנג פון אוהל מועד מיטן אָקס און מיט די צוויי ווידערס. און אהרן און זיינע זין זאָלסטו אויך צוברייננען אַהין. און זאָלסט זיי אָפּוואַשן מיט וואַסער, און זאָלסט אָנטאָן אהרנ׳ען אַלע זיינע קליידער, און זאָלסט ארויפגיסן אייל אויף זיין קאָפּ און אים זאַלבן.

און זיינע זין זאָלסטו אָנטאָן העמדלאַך, און פאַרגורטן מיט גאַרטלען, און אָנבינדן היטלען, און די כהונה זאָל בלייבן פאַר זיי אַלס אייביקע רעכט.

אָט אַזוי זאָלסטו באַשטימען און הייליקן אהרנ׳ען און זיינע זין.

# מעשיות און לעגענדעס

.1

## דער זעענדיקער און די בלינדע

(א משל)

א זעענדיקער האט אמאל געפירט א גאנצע קאמפאני פון בלינדע. ווען ער האט זיי געבראכט אהיים, האט ער צו זיי געזאגט:

— איצט נעמט ליכט און צינדט אן, כדי איר זאלט מיר באלויכטן דאס הויז!

האבן די בלינדע זיך פארוואונדערט און געפרעגט:

— פארוואס די גאנצע צייט, וואס מיר זיינען געווען אין וועג, האסטו אונז געפירט און אונז אפגעהיט אויף יעדן טריט, און דא, אין הויז, הייסטו אונז, אז מיר זאלן פון דיינעטוועגן אנצינדן ליכט און דיר מאכן ליכטיק? וואס מיינסטו דערמיט?

האט דער זעענדיקער געענטפערט:

— איך וויל ניט, אז איר זאלט פילן ביי זיך געפאלן און דענקען, אז איר זייט מיר שולדיק א טובה, האב איך אייך געהייסן איצט מיר אפטאן א טובה!

---

גאט האט באלויכטן דעם וועג אין דעם מדבר און האט געפירט די אידן די גאנצע צייט, און ווען דער משכן איז אויסגעבויעט געווארן, האט ער געהייסן די אידן צו מאכן א מנורה און אים באלויכטן זיין הויז, כדי זיי זאלן אים אפטאן א טובה פאר זיין טובה.

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**שמן זית** (איילבירט בוימל).

**נר תמיד** (אן אייביק ליכט).

**לכבוד ולתפארת** (פאר כבוד און שיינקייט).

סדרה

# כי תשא

(אז דו וועסט אויפנעמען)

## דער האַלבער־שקל קאָפּשטייער (מחצית־השקל)

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— אז דו וועסט אויפנעמען די צאָל (ציילן) פון די בני ישראל, זאָלסטו זיי ניט ציילן ביי די קעפּ, כדי עס זאָל ניט ווערן קיין מגפה צווישן זיי, נאָר יעדער זאָל געבן קאָפּשטייער.

אַ האַלבן שקל זאָל יעדער מאַן, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, געבן אַלס אַן אָפּשיידונג (נדבה) צו גאָט. דער רייכער זאָל ניט געבן מער, און דער אָרימער זאָל ניט געבן ווייניקער.

און אַזוי אַרום וועסטו וויסן די צאָל פון די אידן. און דאָס געלט פון קאָפּשטייער זאָל גייען פאַר דער אַרבעט פון אוהל־מועד, און עס זאָל פאַרגעבן אויף אייערע נפשות.

* * * *

## גאָט הייסט מאַכן אַ האַנטפאַס

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— זאָלסט אויך מאַכן אַ האַנטפאַס פון קופּער צום וואַשן זיך. און דו זאָלסט אים אַוועקשטעלן צווישן אוהל מועד און צווישן מזבח. און אהרן און זיינע זין זאָלן פון אים זיך וואַשן זייערע

הענט און זייערע פיס, ווען זיי קומען אין אוהל מועד, אָדער ווען זיי קומען צו צום מזבח צו דינען.

זיי זאָלן וואַשן זייערע הענט און פיס, כדי זיי זאָלן ניט שטאַרבן. זאָל עס זיין אַן אייביק געזעץ פאַר זיי אויף דור־דורות.

* * * *

## זאַלב־בוימל און ווײַרויך (קטורת)

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— נעם דיר אויך הויפּט־געווירצן, פליסיקע מירע, צימערינג און בשמים, קאַנאַייל און בוימל, און זאָלסט דאָס אויסמישן און מאַכן אַן אייל פון הייליקער זאַלבונג.

און מיט דעמדאָזיקן אייל זאָלסטו זאַלבן דעם אוהל מועד, דעם אָרון, דעם טיש מיט אַלע זיינע כלים, און די מנורה מיט אַלע אירע כלים, און דעם מזבח מיט אַלע זיינע כלים, און דעם האַנטפּאַס.

און אהרנ'ען און זיינע זין זאָלסטו זאַלבן און הייליקן צו זיין כהנים צו מיר.

און קיין אַנדער מענטש טאָר ניט מאַכן אַזאַ אייל, און עס טאָר ניט געגאָסן ווערן אויף זיין לייב. און אויב אַ פרעמדער וועט דאָס טאָן, וועט ער פאַרשניטן ווערן פון זיין פאָלק.

און דו זאָלסט אויך נעמען שמעקעדיקע געווירצן, טריפגעווירץ, רויכערנעגעלאך און גאַלבאַנום, און לויטערן ווײַרויך, און דאָס אויסמישן און מאַכן דערפון בשמים, צוגעריכט מיט זאַלץ, און זאָלסט עס גוט צערייבן, און זאָלסט אַרויפטאָן דערפון פאַרן אָרון אין אוהל מועד. אַ הייליקסטע הייליגקייט זאָל עס זיין.

און קיין מענטש זאָל דאָס פאַר זיך ניט נאָכמאַכן צו שמעקן דערפון, וואָרים ער וועט דערפאַר פאַרשניטן ווערן פון זיין פאָלק.

* * * *

## בצלאל דער קינסטלער

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— זע, איך האָב אויסגעקליבן בצלאל בן־אורי, בן־חור, פון

שבט יהודה, און איך האָב אים אָנגעפילט מיט אַ געטליכן גייסט, מיט חכמה און מיט פאַרשטאַנד, און מיט וויסן און קענטעניש אין יעדער מלאָכה, צו מאַכן אַלע קונסט־זאַכן און צו מייסטערן מיט גאָלד און מיט זילבער און מיט קופּער, און אין שטיין־קריצונג צום איינפאַסן, און אין האָלץ־שניצונג פון פאַרשיידענע אַרבעטן.

און צו אים אַלס מיטהעלפער האָב איך געגעבן אָהליאָב׳ן בן־אחיסמך, פון שבט דן. און זע, אַז זיי זאָלן אַלצדינג מאַכן, ווי איך האָב דיר אָנגעזאָגט.

---

און אַז גאָט האָט געענדיקט רעדן מיט משה׳ן אויפן באַרג סיני, האָט ער אים געגעבן די צוויי לוחות פון געזעץ, שטיינערנע טאָוולען, געשריבן פון גאָט אַליין.

* * * *

## דאָס גאָלדענע קאַלב (עגל הזהב)

ווען דאָס פאָלק האָט געזען, אַז משה פאַרזאַמט זיך אַראָפּצו־נידערן פון באַרג, האָבן זיי זיך אַלע פאַרזאַמלט אַרום אהרנ׳ען און זיי האָבן געזאָגט צו אים:

— שטיי אויף, מאַך אונז אַ גאָט, וואָס זאָל גיין פאַר אונז און אונז פירן, וואָרים דערדאָזיקער משה, דער מאַן וואָס האָט אונז אַרויסגעפירט פון מצרים, איז ניטאָ און מיר ווייסן ניט, וואָס מיט אים איז געוואָרן!

האָט אהרן צו זיי געזאָגט:

— נעמט אַראָפּ די גאָלדענע אוירינגען, וואָס אין די אויערן פון אייערע ווייבער, אייערע זין און אייערע טעכטער, און ברענגט צו מיר!

האָט דאָס גאַנצע פאָלק אַראָפּגענומען די גאָלדענע אוירינגען, וואָס אין זייערע אויערן, און זיי האָבן געבראַכט צו אהרנ׳ען. און ער האָט עס צוגענומען פון זייערע הענט, און ער האָט עס איינ־געבונדן אין אַ פורעם, און האָט דערפון געמאַכט אַ געגאָסן קאַלב.

און זיי האָבן געזאָגט:

— אָט דאָס איז דיין גאָט, ישראל, וואָס האָט דיך ארויסגע־נומען פון לאַנד מצרים!

ווען אהרן האָט דאָס דערזען, האָט ער אויפגעבויעט פאַר אים אַ מזבח, און ער האָט אויסגערופן און געזאָגט:

— אַ יום־טוב צו גאָט איז מאָרגן!

איז דאָס פאָלק אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, אויפן צווייטן טאָג, און זיי האָבן געבראַכט קרבנות צום קאַלב, און זיי האָבן זיך גע־זעצט עסן און טרינקען, און זיי האָבן זיך גענומען לוסטיק צו מאַכן.

האָט גאָט גערעדט צו משה'ן:

— גיי, נידער אַראָפּ! וואָרים דיין פאָלק, וואָס דו האָסט ארויסגענומען פון מצרים, איז פאַרדאָרבן געוואָרן! זיי זיינען גיך אַראָפּ פונם וועג, וואָס איך האָב זיי אָנגעזאָגט צו גיין, זיי האָבן זיך געמאַכט אַ געגאָסן קאַלב, און האָבן זיך געבוקט צו דעם, און האָבן געבראַכט קרבנות צו דעם, און האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז דער גאָט, וואָס האָט זיי ארויסגענומען פון לאַנד מצרים!

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— איך האָב געזען דאָסדאָזיקע פאָלק, אַז סע איז אַ האַרט־נעקיק פאָלק! (עם קשה עורף.) און איצט ל אָ ז מ י ך, און מיין צאָרן וועט ברענען אויף זיי און איך וועל זיי פאַרניכטן, און וועל דיך מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק!

האָט משה געבעטן פאַר גאָט, זיין האַר, און ער האָט געזאָגט:

— פאַרוואָס, גאָט, זאָל דיין צאָרן אַזוי ברענען אויף דיין פאָלק, וואָס דו האָסט ארויסגענומען פון מצרים מיט אַ גרויסן כח און מיט אַ שטאַרקער האַנט? פאַרוואָס זאָלן די מצריים זאָגן, אַז מיט אַ שלעכטער מחשבה האָסטו זיי ארויסגענומען, כדי צו טויטן זיי אין די בערג? קער זיך אָפּ פון דיין גרימצאָרן און האָב חרטה אויף דעם שלעכטס, וואָס דו ווילסט טאָן צו דיין פאָלק! דערמאָן זיך אָן אברהם'ן, אָן יצחק'ן און אָן יעקב'ן, דיינע קנעכט, וועמען דו האָסט געשוואָרן און האָסט צוגעזאָגט, אַז דו וועסט מערן

זייערע קינדער, ווי די שטערן פון הימל, און דאָסדאָזיקע גאַנצע לאַנד וועסטו זיי געבן אויף אייביק!

האָט גאָט חרטה געהאַט אויף דעם שלעכטס, וואָס ער האָט געדענקט צו טאָן צו זיין פאָלק.

* * * *

## משה צעברעכט די לוחות

און משה האָט אַראָפּגענידערט פון באַרג מיט די צוויי לוחות פון געזעץ אין זיין האַנט. די לוחות זיינען געווען געשריבן אויףביידע זייטן, אויסגעקריצט מיטן כתב פון גאָט.

און יהושע האָט געהערט דאָס קול פון פאָלק אין זיין שאַלן (טומל), און ער האָט געזאָגט צו משה'ן:

— אַ קול פון מלחמה איז אין לאַגער (מחנה)!

האָט משה געזאָגט:

— עס איז ניט קיין קול פון גבורה-געשריי, און ניט קיין קול פון שוואַכקייט-געשריי; בלויז אַ קול פון גרויס טומל הער איך!

און ווען משה איז צוגעקומען נאָענט צום לאַגער, און ער האָט דערזען דאָס קאַלב און די טענץ אַרום דעם, איז ער שטאַרק אין כעס געוואָרן און האָט אַ וואָרף געטאָן די לוחות פון זיינע הענט און האָט זיי צעבראָכן אונטערן באַרג.

און משה האָט גענומען דאָס קאַלב און האָט עס פאַרברענט אין פייער, און האָט עס צעמאָלן זייער דין, און האָט עס צעשאָטן אויפן וואַסער, און געגעבן די אידן טרינקען דערפון.

און משה האָט געזאָגט צו אהרנ'ען:

— וואָס האָט דיר דאָס פאָלק געטאָן, וואָס דו האָסט אויף דעם געבראַכט אַזאַ גרויסע זינד?

האָט אהרן געזאָגט:

— זאָל עס מיין האַר ניט פאַרדריסן! דו קענסט דאָס פאָלק, אַז עס איז געוואוינט מיט שלעכטע פירונגען, זיי האָבן מיך גע-נויט צו מאַכן פאַר זיי אַ גאָט!

האָט משה זיך אַוועקגעשטעלט אין טויער פון לאַגער און האָט געזאָגט:

— ווער עס איז פאַרן אייביקן גאָט, זאָל צוגיין צו מיר!

האָבן זיך פאַרזאַמלט צו אים אַלע קינדער פון שבט לוי (זיי האָבן צום עגל ניט געדינט).

האָט משה צו זיי געזאָגט:

— אַזוי האָט דער גאָט פון ישראל באַפוילן: טוט אָן איט־ליכער זיין שווערד אויף זיין דיך, גייט דורך הין און צוריק אין לאַגער, פון טויער צו טויער, און הרג'עט אַלע שולדיקע, אפילו אויב זיי זיינען ברידער, חברים, קרובים אייערע!

האָבן די בני־לוי אַזוי געטאָן. און אין יענעם טאָג זיינען געפאַלן ארום דריי טויזנט מאַן.

האָט משה געזאָגט:

— איר, בני־לוי, גרייט זיך צו זיין הייליק, צו דינען גאָט, ווייל איר האָט ניט רחמנות געהאַט אפילו אויף קיין זון און ברודער. וואָס האָבן געזינדיקט, און דערפאַר וועט גאָט אייך היינט געבן אַ ברכה, אַז איר וועט ווערן זיינע באַדינער.

און אויף מאָרגן האָט משה געזאָגט צום פאָלק:

— איר האָט געזינדיקט אַ גרויסע זינד! און איצט וועל איך ארויפגיין צו גאָט, אפשר וועל איך אויסבעטן אַ כפרה (פאַר־געבונג) אויף אייערע זינד!

און משה האָט זיך אומגעקערט צו גאָט און האָט געזאָגט:

איך בעט דיך, דאָסדאָזיקע פאָלק האָט טאַקע געזינדיקט אַ גרויסע זינד, און זיי האָבן זיך געמאַכט אַ גאָלדענעם גאָט; נאָר איצט, אויב דו וועסט זיי פאַרגעבן איז גוט, און אויב ניט — בעט איך דיך, מעק מ י ך אויס פון דיין בוך!

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— ו ו ע ר עס האָט געזינדיקט צו מיר, ד ע ם וועל איך אויסמעקן פון מיין בוך! נאָר איצט, גיי און פיר דאָס פאָלק, וואוהין איך האָב געזאָגט! מיין מלאך וועט גיין דיר פאָראויס!

אָבער אַז עס וועט קומען דער טאָג פון רעכענען זיך, וועל איך זיך מיט זיי רעכענען פאַר זייערע זינד!

און גאָט האָט געמאַכט אַ מגפה אויפן פאָלק, דערפאַר וואָס זיי האָבן גערינט דאָס גאָלדענע קאַלב, וואָס אהרן האָט געמאַכט.

---

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן:

— גיי אַרויף פון דאַנען, דו און דאָס פאָלק, צום לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרן צו אברהם'ן, צו יצחק'ן, און צו יעקב'ן. און איך וועל שיקן מיין מלאך פאַר דיר, און איך וועל פאַרטרייבן דעם כנעני, און דעם אמורי, און דעם חתי, און דעם פריזי, און דעם חוי, און דעם יבוסי, און אייך ברייגגען צום לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניק. און איך וועל מיט אייך ניט אויפגיין, ווייל דאָס פאָלק איז אַ האַרטנעקיקס, און אויב עס וועט נאָך זינדיקן, וועל איך עס נאָך פאַרטיליקן אין וועג.

ווען דאָס פאָלק האָט דידאָזיקע שלעכטע בשורה דערהערט, האָבן אַלע געטרויערט און קיינער האָט אויף זיך זיין צירונג ניט אָנגעטאָן.

און פון דאַמאָלט פלעגט משה נעמען דאָס געצעלט זיינס און עס אויפשטעלן אויסן לאַגער, ווייט פון זיי, און ער האָט עס גערופן דאָס געצעלט פון איינזאַמלונג (אוהל מועד). און איטליכער, וואָס האָט געזוכט גאָט, פלעגט אַרויסגיין אויסן לאַגער, אַהין. און ווען משה פלעגט אַרויסגיין צום געצעלט, איז דאָס גאַנצע פאָלק אויפגעשטאַנען, און געבליבן שטיין אין איינגאַנג פון זיין געצעלט און נאָכקוקן משה'ן. און ווען משה פלעגט אַריינקומען אין אוהל, פלעגט אַ וואָלקנזייל אַראָפּנידערן און אַזוי בלייבן שטיין ביים איינגאַנג. און דאָס פאָלק האָט זיך געבוקט פאַר גאָט, וואָס האָט זיך דאָרט באַוויזן צו משה'ן. און גאָט האָט גערעדט מיט משה'ן פנים אל פנים, ווי אַ מענטש רעדט צום צווייטן. און ער פלעגט זיך נאָכדעם אומקערן צום לאַגער, נאָר זיין באַדינער יהושע בן־נון, אַ יונגערמאַן, פלעגט ניט אָפּטרעטן פון אוהל־מועד.

# משה בעט צו זען גאָט׳ס פּנים

און משה האָט געזאָגט צו גאָט:

— זע, דו זאָגסט מיר, אַז איך זאָל אויפברענגען דאָסדאָזיקע פאָלק, און דו האָסט מיר ניט געלאָזט וויסן, וועמען דו וועסט שיקן מיט מיר (ווער דער מלאך איז). און דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו האָסט מיך אויסדערוויילט, און איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגן. און איצט, אויב איך בין דיר טאַקע געפעלן, לאָז מיך וויסן, איך בעט דיך, דיינע וועגן, אַז איך זאָל דיך קענען, כדי איך זאָל נאָך מער חן געפינען אין דיינע אויגן! און זע, האָב רחמנות אויפן פאָלק, עס איז דאָך דיין פאָלק!

האָט גאָט געזאָגט:

— און אויב מיין פּנים וועט מיטגיין מיט דיר, וועסטו זיך באַרואיקן?

האָט משה געזאָגט:

— אויב דיין פּנים גייט ניט מיט, זאָלסטו אונז גאָרניט אויפ־ברענגען פון דאַנען! און מיט וואָס דען וועט באַקאַנט ווערן, אַז איך און דיין פאָלק האָבן געפונען חן אין דיינע אויגן? איז דאָך נאָר ווען דו אַליין וועסט גיין מיט אונז! און דערמיט וועלן מיר זיין אָפּגעשיידט פון אַלע אַנדערע פעלקער אויף דער ערד!

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— אויך דידאָזיקע זאַך, וואָס דו בעטסט, וועל איך טאָן, ווייל דו ביזט מיר געפעלן, און איך האָב דיך אויסגעקליבן פאַר אַ פירער!

האָט משה געזאָגט:

— אויב אַזוי, ווייז מיר דיין כבוד (פּנים)!

האָט גאָט געזאָגט:

— איך וועל מאַכן פאַרבייגיין אינגאַנצן מיין „גוטסקייט" פאַר דיר, און איך וועל רופן מיין אמת׳ן נאָמען, אייביקער גאָט, פאַר דיר, און איך וועל לייטזעליקן וועמען איך וועל לייטזעליקן, און איך וועל זיך דערבאַרעמען אויף וועמען איך וועל זיך דערבאַרעמען,

(דו וועסט אַלץ ביי מיר פּועל׳ן); אָבער מיין פּנים קאָנסטו ניט זען, וואָרים אַ מענטש קאָן מיך ניט זען און בלייבן לעבן!

און גאָט האָט געזאָגט:

— אָט איז אַן אָרט ביי מיר, און דו זאָלסט בלייבן שטייען אויפן פעלז, און עס וועט זיין, ווען מיין כבוד וועט פאַרבייגיין, וועל איך דיך אריינטאָן אין אַ שפּאַלט פון פעלז און איך וועל דיך פאַרדעקן מיט מיין האַנט ביז איך וועל איבערגיין. און אַז איך וועל אַראָפּנעמען מיין האַנט, וועסטו זען מיין רוקן, — אָבער מיין פּנים קאָן ניט געזען ווערן!

* * * *

## משה האַקט אויס די צווייטע לוחות

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— האַק דיר אויס צוויי שטיינערנע לוחות, אַזוי ווי די ערשטע, און איך וועל אויפשרייבן אויף זיי די ווערטער, וואָס זיינען געווען אויף די ערשטע, וואָס דו האָסט צעבראָכן. און זיי גרייט איינ־דערפרי, און זאָלסט ארויפגיין אויפן באַרג סיני און זאָלסט זיך אָוועקשטעלן אויפן שפּיץ באַרג. און קיין מענטש זאָל מיט דיר ניט ארויפגיין, און קיין מענטש זאָל ניט געזען ווערן דאָרט; אַפילו די שאָף און רינדער זאָלן זיך ניט פּיטערן אַקעגן יענעם באַרג!

און משה האָט אויסגעהאַקט צוויי שטיינערנע לוחות. און ער איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און איז אַרויף אויפן באַרג סיני, אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן. און גאָט האָט אַראָפּגענידערט אין וואָלקן און האָט זיך געשטעלט מיט אים דאָרטן, און ער האָט גערופן דעם נאָמען: גאָט!

און גאָט איז פאַרביי־געגאַנגען פאַר אים און האָט אויסגערופן:

— גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער און אַ רחמנות׳דיקער. ער האַלט איין דעם צאָרן און איז גרויס מיט גענאַד (חסד) און אמת! ער היט דעם חסד צו טויזנטער דורות שפּעטער, ער פאַרגיט זינד און פאַרברעכנס; נאָר שענקען שענקט ער ניט די, וואָס זינדיקן

נאָכאַמאָל, ער רעכנט זיך מיט די קינדער פאַר די עלטערנ׳ס זינד, און אַפילו מיט די קינדסקינדער, מיטן דריטן און פירטן דור!

האָט משה זיך גיך גענייגט און געבוקט צו דער ערד, און האָט געזאָגט:

— אויב איך האָב געפונען חן אין די אויגן, גאָט, בעט איך דיך, אַז דו אַליין זאָלסט מיטגיין מיט אונז, וואָרים עס איז אַ האַרט־נעקיק פאָלק, און דו זאָלסט פאַרגיבן אונזערע זינד און פאַרברעכן, און זאָלסט אונז מאַכן פאַר דיין ירושה!

האָט גאָט געזאָגט:

— זע, איך שליס אַ בונד. אַקעגן דיין גאַנצן פאָלק וועל איך טאָן וואונדער, וואָס זיי זיינען ניט באַשאַפן געוואָרן אויף דער גאַנצער ערד, און אין אַלע פעלקער; און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס דו ביזט צווישן אים, וועט זען דאָס טואונג פון גאָט, אַז עס איז פאַרכטיק. היט זיך, זאָלסט ניט מאַכן שלום מיט די פעלקער פון לאַנד, וואוהין דו קומסט, כדי ער זאָל ניט זיין קיין שטרויכלונג צווישן דיר. זייערע מזבחות זאָלט איר צעשטויסן, און זייערע מצבות (מאָנומענטן) זאָלט איר צעברעכן, און זייערע געצנבוימער זאָלט איר אויסשניידן. וואָרים איר טאָרט זיך ניט בוקן צו פרעמדע געטער, ווייל גאָט איז אַ צערנדיקער גאָט. און טאָמער וועסטו מאַכן אַ בונד מיט די איינוואוינער פון לאַנד, וועלן זיי דיך רופן צו עסן פון זייערע קרבנות, און שפּעטער וועסטו חתונה האָבן מיט זייערע טעכטער, וועלן די טעכטער פאַרפירן דיינע זין נאָך זייערע געטער. און דו טאָרסט דיר ניט מאַכן קיינע געגאָסענע געטער!

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— שרייב דיר אויף דידאָזיקע ווערטער, וואָרים לויט זיי האָב איך דעם בונד געשלאָסן מיט דיר און מיט די אידן.

און משה איז דאָרט, אויפן באַרג סיני, געווען מיט גאָט פערציק טעג און פערציק נעכט. קיין ברויט האָט ער ניט געגעסן און קיין וואַסער האָט ער ניט געטרונקען. און ער האָט אויפגעשריבן

אויף די לוחות די ווערטער פונם בונד, די צען געבאָט (עשרת הדברים; עשרת הדברות).

* * * *

## משה ברייגנט די צווייטע לוחות

און עס איז געווען, אַז משה האָט אַראָפּגענידערט פון באַרג סיני, און די צוויי לוחות פון געזעץ אין זיין האַנט, האָט ער ניט געוואוסט, אַז די הויט פון זיין פּנים האָט געשטראַלט זינט גאָט האָט גערעדט מיט אים.

און אהרן און אַלע אידן האָבן געזען, אַז משה׳ס פּנים שטראַלט, האָבן זיי מורא געהאַט צוצוגיין צו אים. האָט זיי משה צוגערופן, און אהרן מיט אַלע פירסטן האָבן זיך אומגעקערט צו אים, און ער האָט גערעדט מיט זיי. און דערנאָך זיינען אַלע אידן צוגעקומען, און משה האָט זיי באַפוילן אַלץ וואָס גאָט האָט מיט אים גערעדט אויפן באַרג סיני.

און ווען משה האָט געענדיקט צו רעדן מיט די אידן, האָט ער אָנגעטאָן אַ צודעק אויף זיין קאָפּ. און אַז ער איז געקומען צו רעדן פאַר גאָט, פלעגט ער אַראָפּנעמען דעם צודעק, ביז ער איז ארויסגעגאַנגען. און ווען ער פלעגט ווידער קומען צו רעדן מיט די אידן, פלעגט ער נאָכאַמאָל אַראָפּנעמען דעם צודעק. און די אידן פלעגן זען משה׳ס פּנים, אַז זיין הויט שטראַלט שטענדיק.

# מעשיות און לעגענדעס

.1

## דער שטן רעדט אָן צו מאַכן דאָס גאָלדענע קאַלב

ווען דער שטן האָט געזען, אַז משה פאַרזאַמט זיך אויפן באַרג סיני און קומט ניט אַראָפּ, איז ער געקומען צו די אידן און האָט זיי געזאָגט:

— איר האָט שוין ניט וואָס צו וואַרטן, משה וועט שוין קיינמאָל צוריק ניט קומען! אייער פירער משה איז געשטאָרבן!

האָבן די אידן ניט געוואָלט גלויבן.

איז דער שטן געגאַנגען און האָט געמאַכט אַ גרויסן וואָלקן איבער דער מחנה, און אין דעם וואָלקן האָט ער אויסגעמאָלט אַ בילד, ווי משה ליגט אַ טויטער אין אַ שוואַרצן בעט, און ער האָט געזאָגט:

— קוקט ארויף, וועט איר זען, ווי די מלאָכים טראָגן משה׳ן אַוועק!

ווען די אידן האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט ארום אהרנ׳ען און געשריען צו אים:

— זע, דיין ברודער משה איז שוין ניטאָ; גיי מאַך אונז אַ גאָט, וואָס זאָל אונז פירן!

איז חור, איינער פון די עלטסטע לייט, ארויסגעקומען און געזאָגט:

— גלויבט ניט אין קיין נאַרישקייטן! אין וואָלקנס קאָן מען שטענדיק זען פאַרשיידענע בילדער! דאָס וואָס איר האָט געזען איז ניט געווען קיין בילד פון משה׳ס טויטן בעט, נאָר אַ שטיק שוואַרצער וואָלקן! אָט וועט איר זען, אַז אונזער פירער משה וועט צוריקקומען באַלד!

אָבער דער שטן האָט זיך אויסגעלאַכט פון חור׳ס רייד, און ער האָט ווייטער גערייצט דאָס פאָלק.

האָט חור זיי אָנגעהויבן אויסצורעדן:

— ווי שעמט איר זיך ניט צו ווערן איצט אָן אָפּגאָט, נאָכ־דעם ווי איר האָט אַליין געהערט גאָט׳ס שטים און געזען זיינע וואונדער?!

זיינען די אידן געוואָרן אין כעס און זיי האָבן חור׳ן געטויט.

און זיי זיינען ווידער אָנגעפאַלן אויף אהרנ׳ען און געשריען:

— מאַך אונז אַ גאָט! לאָמיר ניט בלייבן אָן קיין פירער!

האָט אהרן געטראַכט: אויב איך וועל זיי ניט פאָלגן, וועלן זיי מיך אויך טויטן. בעסער וועל איך זיי הייסן אָפּגיבן זייערע גאָלדענע צירונג פאַרן גאָט, וועלן זיי זיך געוויס ניט איילן דאָס צו טאָן, — און דערווייל וועט משה אָראָפּקומען!

דאָס פאָלק איז אָבער געווען אַזוי ווילד פון די רייד פונם שטן, אַז זיי האָבן באַלד צונויפגעטראָגן דאָס צירונג און אַוועק־געלעגט פאַר אהרנ׳ען.

האָט אהרן אויפגעהויבן זיינע הענט צום הימל און געזאָגט:

— אָ, גאָט! דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב ניט קיין מאַכט צו שטעלן זיך אַקעגן אַזאַ גרויסער מחנה, און דערום פאַרגיב מיר, וואָס איך בין געצוואונגען צו טאָן זייער ווילן!

און ער האָט אַריינגעוואָרפן דאָס גאַנצע גאָלד אין אַ פאָרם און האָט עס צעשמאָלצן, און ס׳איז אַרויסגעקומען דאָס גאָלדענע קאַלב.

* * * *

## דאָס רחמנות פון אַ פאָטער
(אַ משל)

איינמאָל האָט אַ פאָטער געוואָלט באַשטראָפן זיין זון, וועל־כער האָט זיך זייער שטאַרק פאַרזינדיקט. האָט ער אים אַוועק־געלעגט אויף זיינע קני און געכאַפּט אַ גרויסן רוט, און ער האָט געשריען:

— לאָזט מיך, לאָזט מיך, איך וועל אים דערשלאָגן צו טויט!

איז דערביי געשטאַנען דעם זונ'ס לערער און האָט זיך גע־טראַכט: ווער האַלט דען צו דעם פאָטער, וואָס ער שרייט אַזוי הויך „לאָזט מיך"?... געוויס טוט דעם פאָטער אַליין ווייי דאָס האַרץ פון רחמנות אויף זיין זון, און ער וויל, אַז איך זאָל צוגיין בעטן פאַרן קינד, ער זאָל אים מוחל זיין!...

און דער לערער איז געפאַלן אויף די קני און אָנגעהויבן בעטן דעם פאָטער.

---

אַזוי איז אויך געווען, נאָכדעם ווי די אידן האָבן געזינדיקט מיטן „עגל הזהב":

גאָט האָט געשריען צו משה'ן:

— ל אָ ז מ י ך, און איך וועל זיי פאַרניכטן!

האָט משה ביי זיך געטראַכט: ווער האַלט דען צו גאָט, אַז ער זאָל ניט טאָן, וואָס ער זאָגט? — אָבער געוויס האָט ער רחמנות אויף זיינע קינדער און ער וויל, אַז איך זאָל בעטן פאַר זיי.

און באַלד („ויחל משה") האָט משה אָנגעהויבן צו בעטן.

---

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**אלה אלוהיך ישראל** (אָט דאָס איז אייער גאָט, אידן!)

מ'זאָגט עס אויך אויף פאַלשע פירער.

**עם קשה עורף הוא** (אַ האַרטנעקיק פאָלק איז עס).

**מי לד' אלי** (ווער עס איז צו גאָט, זאָל צוקומען צו מיר!).

**ארץ זבת חלב ודבש** (אַ לאַנד, וואָס רינט מיט מילך און האָניק).

**פנים אל פנים** (פנים צו פנים)

„צו זען זיך פנים אל פנים"; „צו רעדן פה אל פה".

**כאשר ידבר איש אל רעהו** (ווי איין מענטש רעדט צום צווייטן).

**אל רחום וחנון** (אַ דערבאַרעמדיקער און אַ לייטזעליקער גאָט).

סדרה

# ויקהל

(און ער האָט איינגעזאַמלט)

## דאָס בויאונג פון משכן

און משה האָט איינגעזאַמלט די גאַנצע עדה פון די אידן און ער האָט זיי געזאָגט, וואָס גאָט האָט אים באַפוילן וועגן דעם בויאונג פון משכן.

און ער האָט גערופן בצלאל'ן, און אָהליאָב'ן און אַלע קלוגע ליט, וואָס גאָט האָט זיי באַשאָנקען מיט חכמה, און ער האָט זיי געהייסן אָנהויבן די אַרבעט.

און דאָס פאָלק האָט געהאַלטן אין איין ברייגנען נדבות פאַרן בויאונג אַלע אינדערפרי. און די קלוגע ליט האָבן געזאָגט משה'ן, אַז דאָס פאָלק ברייגנט מער ווי עס איז נויטיק צו דער אַרבעט.

האָט משה אַרויסגעלאָזט אַן אויסרוף אין דער מחנה, אַז קיין מאַן אָדער פרוי זאָל מער ניט ברייגנען קיין הייליקע אָפּשיידונג.

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## איבערגעבעטן זיך

(א משל)

אַ קעניג איז אַמאָל אין כעס געוואָרן אויף זיין ווייב, וואָס איז אים געוואָרן אומטריי. איז ער אַוועק פון איר און האָט פאַר זיך גענומען אַ נייעם פּאַלאַץ צו וואוינען.

די קעניגין האָט אָבער חרטה געהאַט אויף איר זינד, און זי האָט דעם קעניג צוגעזאָגט צו זיין אים געטריי אויף אייביק. האָט דער קעניג זיך מיט איר איבערגעבעטן און האָט איר געהייסן אויפצוראַמען און גרייט מאַכן איר פּאַלאַץ, און אויסשפּריצן דאָרטן מיט גוטע טייערע בשמים (פּערפיומען), און ער האָט איר צוגע־זאָגט, אַז פון איצט אָן וועט ער מיט איר שטענדיק דאָרטן וואוינען.

---

אַזוי איז אויך געווען מיט די אידן.

ווען זיי האָבן געזינדיקט האָט זיך גאָט פון זיי דערווייטערט. אָבער ווען משה האָט פאַר זיי געבעטן, האָט זיך גאָט איבערגע־בעטן מיט זיי און האָט זיי געהייסן צו מאַכן דעם משכן, און רויכערן דאָרטן מיט בשמים, און ער וועט רוען צווישן זיי.

סדרה

# פקודי

(די איבערציילונגען)

## דאָס אויפשטעלונג פון משכן

די איבערציילונגען, וואָס מע האָט איבערגעציילט און גע־מאַכט דעם חשבון פון דעם גאַנצן גאָלד און זילבער און קופּער און וואָל און די אַנדערע נדבות, וואָס דאָס פאָלק האָט געבראַכט, זיינען געווען לויטן באַפעל פון משה׳ן.

און מע האָט איבערגעציילט אַלע כלים פון משכן, און אַלע קליידער פאַר די כהנים, און אַלץ איז געווען געמאַכט ווי גאָט האָט באַפוילן צו משה׳ן.

און משה האָט אויפגעשטעלט דעם משכן אין ערשטן טאָג פון ערשטן חודש (ניסן), צום צווייטן יאָר, נאָכדעם ווי די אידן זיינען ארויסגעגאַנגען פון מצרים.

און דער וואָלקן האָט איינגעדעקט דעם „אוהל מועד״, און דער כבוד פון גאָט האָט אָנגעפילט דעם משכן.

און ווען דער וואָלקן האָט זיך אויפגעהויבן פון משכן, האָבן די אידן געצויגן ווייטער; און אַז דער וואָלקן האָט זיך ניט אויפגעהויבן, האָבן זיי ניט געצויגן.

וואָרים דער וואָלקן פון גאָט איז געווען אויפן משכן ביי־טאָג, און אַ פייער איז געווען אין אים ביינאַכט, פאַר די אויגן פון אַלע אידן, אין אַלע זייערע ציאונגען אין מדבר.

# מעשיות און לעגענדעס

.1

## געדולד פון אַ פירער

ווען מען האָט געענדיקט צו בויען דעם משכן און אַלע זיינע כלים, האָט משה באַפוילן, אַז מע זאָל איבערציילן אַלצדינג און אויסרעכענען וויפיל גאָלד און זילבער און קופּער און וואָל און אַנדערע מאַטעריאַלן, וואָס דאָס פאָלק האָט געשענקט, און גיבן אַ ריכטיקן חשבון.

וואָרום האָט עס משה געטאָן? — ווייל ער האָט ניט גע-וואָלט, אַז מע זאָל אים חושד זיין.

ווען משה פלעגט אַרויסקומען צום פאָלק, האָט ער געזען, ווי מען קוקט אים נאָך און מע שושקעט זיך צווישן זיך:

— זע נאָר ס'אַראַ פּעטן האַלז ער האָט!...

— זע נאָר ס'אַראַ גראָבן בויך ער האָט זיך אויסגעפּאַשעט!

— ער עסט פאַר אונזער געלט! ער טרינקט פאַר אונזער גוטס!...

— אַ חידוש? אַז מיר האָבן אים געגעבן אַזוויפיל גאָלד און זילבער, זאָל ער ניט באַרייכט ווערן?

נאָר משה, דער גרויסער פירער, האָט געדולדיק אויסגעהערט אַלע רייד. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס פאָלק האָט אַ טבע חושד צו זיין אַלע זיינע פירער. און ווי נאָר די אַרבעט איז געווען געענדיקט, האָט משה באַפוילן:

— ציילט איבער אַלצדינג, און איך וועל דעם פאָלק אָפּגיבן אַ חשבון פון אַלץ, וואָס זיי האָבן צו מיר געבראַכט!

ווען דאָס ציילונג איז געענדיקט געוואָרן, און אַלע האָבן געזען, אַז עס פעלט גאָרניט פון אַלצדינג, וואָס דאָס פאָלק האָט געבראַכט פאַרן משכן און פאַר די כלים, האָבן זיך אַלע אָנגעהויבן אַפּרוקן פון משה׳ן, און מ׳האָט זיך געשעמט צו קוקן אים אין פּנים דערפאַר, וואָס זיי האָבן אים חושד געווען (סאָספּעקטעד) אין אומערליכקייט.

האָט משה צו זיי געזאָגט :

— שעמט זיך ניט, מיינע טייערע ! איך בין אויף אייך ניט ברוגז דערפאַר, ווייל ווען איך וואָלט זיין אויף אייער אָרט, וואָלט איך אויך ניט געווען אַנדערש !...

דאָס פאָלק האָט זיך מיט ליבע דערנענטערט צו משה׳ן, און אַלע האָבן אים געבענטשט פאַר זיין געדולד.

און דאַמאָלט האָט דער וואָלקן איינגעדעקט דעם אוהל־מועד, און די פּראַכט פון גאָט האָט אָנגעפילט דעם משכן.

——:——

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

## ויקהל און פקודי

**כל נדיב-לב** (איטלאכער, וואס זיין הארץ איז וויליק צו געבן):
נדיב; נדיב-לב; נדבן — גוטהערציקער מאן.
נדיבת-לב; נדבנית; נדבנ׳טע — גוטהערציקע פרוי.

**אשה חכמת-לב** (יעדע קלוגהערציקע פרוי).

**איש חכם-לב** (יעדער קלוגהערציקער מאן).

**הביאו... נדבה...** (זיי האבן געבראכט א געשאנק):
נדבה — קאנטריביושאן, דאניישאן.

**חושבי מחשבות** (די וואס טראכטן הויכע געדאנקען):
גרויסע דענקער, קינסטלער (ארטיסט).

**חכמה ותבונה** (קלוגשאפט און פארשטאנדיגקייט).

**עבודת הקודש** (די הייליקע ארבעט):
ארבעט פאר א הייליקן צוועק.

**ויבואו כל החכמים** (און עס זיינען געקומען אלע קלוגע לייט).

———::———

# חומש ויקרא

(דריטער טייל)

## באמערקונג

חומש ויקרא ווערט גערופן "תורת כהנים", די לערע פאַר די כהנים.

עס געפינען זיך דאָ אַלע דינים וועגן קרבנות, ווער עס דאַרף ברייגנען אַ קרבן, ווען און וואָס פאַר אַ קרבן, און ווי אַזוי די כהנים דאַרפן די קרבנות מקריב זיין.

עס ווערן אָנגעזאָגט דאָ אויך אַנדערע דינים, פאַר אַלע אידן, ווי, למשל, וועגן ריינקייט פון קערפער, ריינקייט פון מדות און פי־רונגען, ריינקייט פון מאכלים, ריינקייט פון פאַמיליע־לעבן, ריינקייט פון קליידער און הייזער, און וועגן די ימים־טובים, און אויך וועגן געזעלשאַפטליכן לעבן, און אַזוי ווייטער.

מיר האָבן, אָבער, געמוזט אויסלאָזן אייניקע פרטים און דינים, וואָס קאָנען זיין פאַרשטענדלאַך נאָר פאַר לומדים, און דער געוויינ־ליכער לייענער קאָן אין זיי קיין שום באַגריף ניט האָבן, און מיר האָבן געגעבן בלויז דעם עיקר און דעם תמצית פון די דינים, לויט די סדרות, אין אַ פּאָפּולערן אויסטייטשונג, כדי דער ענין זאָל זיין צוגענגליך פאַר יעדן.

פּ. ר.

סדרה

# ויקרא

(און ער האָט גערופן)

## גאָט זאָגט אָן משה'ן די דינים פון קרבנות

און גאָט האָט גערופן צו משה'ן און ער האָט צו אים גערעדט פון אוהל מועד.

און ער האָט אים אָנגעזאָגט אַלע דינים פון קרבנות, און ווי אַזוי די כוהנים דאַרפן זיי מקריב זיין.

* * * *

## קרבן עולה (בראַנד־אָפּפער)

„קרבן עולה" הייסט אַזאַ קרבן, וואָס ווערט אינגאַנצן פאַר־ברענט אויפן מזבח, און נאָר די פעל בלייבט פאַרן כהן. („עולה" מיינט אויפגיין אין העברעאיש: דער קרבן גייט ארויף מיטן פייער).

ווען עמיצער ברייננגט פרייוויליק אַ קרבן צו גאָט, זאָל דער קרבן זיין אַ זכר פון בהמות: רינדער אָדער שאָף, אַ גאַנצער, אָן אַ מום (פעלער); אָדער פון עופות: אַ טוירטלטויב אָדער אַ יונג־טייבעלע.

דער מענטש זאָל ברייננגען דעם קרבן צום מזבח, לעבן איינ־גאַנג פון אוהל מועד. ער זאָל אָנלענען זיין האַנט אויפן קאָפּ

פונם קרבן, און ער זאָל אים שעכטן אויף דעם צפון זייט פון מזבח, און נאָכן אָפּשינדן די פעל זאָל ער אים צעשניידן אויף שטיקער, און אויסשווענקען דאָס אינגעווייד אין וואסער.

און דער כהן זאָל אריינגעמען דאָס בלוט אין אַ בעקן און זאָל עס שפּריצן ארום מזבח אויף אַלע זיינע פיר ווענט. נאָכדעם זאָל ער מאַכן פייער אויפן מזבח און ארויפלעגן האָלץ, און אויסלעגן דערויף אַלע שטיקער מיטן אינגעווייד פונם קרבן און זאָל אים דעמפן אַלס אַ פייער-אָפּפער, פאַר געשמאַקן ריח צו גאָט.

ווען דער קרבן עולה איז פון אַן עוף, זאָל דער כהן אַליין אָפּ־קנייפּן מיט זיין נאָגל דעם קאָפּ פון עוף, און אויסקוועטשן דאָס בלוט אויף דער וואַנט פון מזבח; און נאָכדעם זאָל ער אַראָפּנעמען די וואָליע מיט אירע פעדערן און זיי אַוועקוואַרפן לעבן מזבח, אין מזרח-זייט, צום אָרט פונם אַש; און ער זאָל צערייסן דאָס עוף אויף צווייען פאַר זיינע פליגלען, און זאָל עס פאַרברענען אויפן מזבח.

* * * *

## קרבן־מנחה (שפּייז־אָפּפער)

„קרבן מנחה" הייסט אַזאַ קרבן, וואָס מע ברייגגט פון שפּייז אַלס מתנה צו גאָט. („מנחה" מיינט אַ מתנה אין העברעאיש). די „מנחה" פלעגט אויך קומען אַלס צולאָג צום קרבן עולה; און אויך וויין פלעגט מען מיט איר ברייגגען צום גיסן.

ווען עמיצער ברייגגט אַ קרבן מנחה, זאָל ער זיין פון די־דאָזיקע סאָרטן:

(א) אַביסל זעמלמעל, און אויפן זעמלמעל דאַרף ער ארויפ־גיסן בוימל, און אויך ארויפלעגן ווייראויך. און ער זאָל עס ברייג־גען צום כהן, און דער כהן זאָל אַראָפּנעמען אַ פולן הויפן פונם זעמלמעל און זאָל עס פאַרברענען אויפן מזבח. און דאָס איבער־געבליבענע פונם קרבן מנחה זאָל קערן צו אהרנ׳ען און צו זיינע זין (ניט צו די טעכטער) און זיי זאָלן עס עסן נאָר אויפן הייליקן

אָרט, אין הויף פון אוהל־מועד, ווייל דאָס איז קודש־קדשים פון די פייער־אָפּפער צו גאָט.

(ב) אָפּבאַקן אין אויוון אומגעזייערטע חלות פון זעמלמעל געמישט מיט בוימל; אָדער אומגעזייערטע קוכנס באשמירט מיט בוימל.

(ג) אָפּבאַקן אויף אַ פאַן זעמלמעל געמישט מיט בוימל, אומגעזייערט, און צעבראָקן אין ברעקלאך און ארויפגיסן בוימל.

(ד) אָפּפרעגלען אין אַ קעסל שטיקלאך טייג מיט בוימל (פודינג).

(ה) ערשט־צייטיקע זאַנגען געבראָטן אין פייער און צעמאָלן; פולע קערנער צעשטויסענע אין גריץ, — און אויך ארויפגיסן בוימל און ארויפלעגן ווייררויך.

קיין קרבן מנחה טאָר ניט זיין פון זויערטייג און פון האָניק. און יעדער קרבן מנחה זאָל זיין באַזאַלצן מיט זאַלץ, וואָרים די זאַלץ איז אַ סימן פון אַ בונד מיט גאָט...

* * * *

## קרבן שלמים (פריד־אָפּפער)

„קרבן שלמים" הייסט אַזאַ קרבן, וואָס עמיצער ברייננגט פון רינדער אָדער פון שאָף, סיי אַ זכר און סיי אַ נקבה, גאַנץ אָן אַ מום, אַלס פרידן־צייכן צו גאָט. („שלמים" — מיינט פרידן און אויך אָפּצאָלונג אין העברעאיש).

דער, וואָס ברייננגט אַ קרבן שלמים, זאָל אָנלענען זיין האַנט אויפן קאָפּ פונם קרבן און זאָל אים שעכטן ביים איינגאַנג פון אוהל מועד, און דער כהן זאָל שפריצן דאָס בלוט ארום מזבח, און נעמען דאָס פעטס פון אינגעווייד און ביידע נירן, און דאָס פעטס פון די פלאַנקען, און דאָס רויטע פלייש איבערן לעבער, און ער זאָל אַלצדינג דעמפּן אויפן מזבח.

נאָכן מקריב זיין דאָס פעטס, נעמט דער כהן די ברוסט און דאָס שענקל פאַר זיך, און דאָס איבעריקע פלייש נעמט דער מענטש, וואָס ברייננגט דעם קרבן, פאַר זיך.

דער קרבן שלמים ווערט געבראַכט צוליב דריי טעמים:

(א) „זבח תודה", אַ שעכטונג פון דאַנק צו גאָט פאַר אַ חסד.

(ב) „זבח נדר", אַ שעכטונג פון אַ נדר, וואָס מע זאָגט: „אויב גאָט וועט מיר העלפן, וועל איך ברייגנען אַ קרבן".

(ג) „זבח נדבה", אַ שעכטונג פון אַ נדבה צו גאָט.

דאָס פלייש פון דעם שלמים פלעגט מען אויך עסן מיט דער משפחה און מיט פריינט אַלס אַ פרייליכע סעודה.

* * * *

## קרבן חטאת (זינד אָפּפער)

„קרבן חטאת" הייסט אַזאַ קרבן, וואָס עמיצער ברייגנט פאַר אַ זינד. יענע פריערדיקע קרבנות זיינען אַלע פרייוויליקע, אָבער ווען עמיצער זינדיקט אומגערן, מוז ער ברייגנען אַ קרבן חטאת.

אַ „קרבן חטאת" מוז יעדערער ברייגנען: סײַ אַ פשוטער מענטש, סײַ דער כהן-גדול אַליין, סײַ דער נשיא און סײַ גאַנץ קהל (די עדה, די געמיינדע).

(א) „חטאת הכהן": ווען דער געזאַלבטער כהן (כהן גדול) טוט אומגערן אַ זינד, וואָס דאָס איז ווי די שולד פון גאַנצן פאָלק, זאָל ער ברייגנען אַ יונגן אָקס, אָן אַ מום, צום איינגאַנג פון אוהל מועד, און זאָל אָנלענען זיין האַנט אויפן קאָפּ פון אָקס, און אים שעכטן פאַר גאָט, און ער זאָל איינטונקען זיין פינגער אין דעם בלוט און שפּריצן זיבן מאָל פאַרן פרוכת. און ער זאָל באַשמירן מיטן בלוט די הערנער פונם מזבח, און דאָס איבעריקע בלוט זאָל ער אינגאַנצן אויסגיסן צום גרונט פון מזבח. און ער זאָל אַראָפּנעמען דאָס גאַנצע פעטס פון אינגעווייד, און אַלץ טאָן ווי ביי שלמים, און זאָל דעמפן אויפן מזבח. און דעם גאַנצן אָקס: דאָס פלייש מיט דער פעל, און מיט דעם קאָפּ, און מיט זיינע קני, און מיט זיין אינגעווייד, און מיטן מיסט, זאָל ער אַרויסטראָגן אויס

דער מחנה אין א ריינעם אָרט, און אים פאַרברענען. קיינער טאָר פון אים ניט קיין הנאָה האָבן.

(ב) „חטאת העדה": ווען גאַנץ קהל טוט אומגערן א זינד, זאָל מען ברייגנען א יונגן אָקס, און די עלטסטע פון דער עדה זאָלן אָנלענען זייערע הענט אויף זיין קאָפּ, און מע זאָל אים שעכטן, און דער כהן גדול זאָל אריינברייגנען פון דעם בלוט אין אוהל מועד און ער זאָל טאָן אַזוי ווי דער דין פון א חטאָת, און די זינד וועט זיין פאַרגיבן.

(ג) „חטאָת הנשיא": ווען דער פירשט טוט אומגערן א זינד, זאָל ער ברייגנען א ציגנבאָק, א זכר, אָן א מום, און ער זאָל אָנ־לענען זיין האַנט אויפן קאָפּ פון קרבן, און ער זאָל אים שעכטן אויפן פּלאַץ, וואו מע שעכט דעם קרבן עולה, אין צפון זייט פון מזבח, און דער כהן זאָל מיטן פינגער נעמען פון בלוט און ארויפ־לעגן אויף די הערנער פון מזבח. און דאָס איבעריקע בלוט זאָל דער כהן אויסגיסן צום גרונט פון מזבח, און מקריב זיין דאָס גאַנצע פעטס, אַזוי ווי פון א שלמים, און דאָס פלייש מעג נאָר דער כהן אַליין אויפעסן.

(ד) „חטאת היחיד": ווען אַן איינצעלנער מענטש פון פאָלק טוט אומגערן א זינד, זאָל ער ברייגנען א ציג, א נקבה, אָן א מום, און דער כהן זאָל טאָן מיט דעם קרבן אַזוי ווי מיט דעם חטאת הנשיא. און דאָס פלייש מעג נאָר דער כהן עסן.

* * * *

## קרבן אָשם (שולד־אָפּפער)

„קרבן אָשם" איז כמעט גלייך ווי „קרבן חטאת", נאָר דער חילוק צווישן זיי איז דער, וואָס א קרבן חטאת ברייגנט מען פאַר א זינד, וואָס מע טוט אומגערן (בשוגג), און א קרבן אָשם ברייגנט מען פאַר א זינד, וואָס מע טוט אומיסטן (במזיד), און אויך פאַר זינד, וואָס וועלן ווייטער אויסגערעכנט ווערן.

„קרבן אָשם" קומט ניט פון רינדער, נאָר פון שאָף. און אַן

אָרימאַן, וואָס פאַרמאָגט ניט אויף אַ שאָף, ברייַנגט צוויי טורטל־טויבן, אָדער צוויי יונגע טייבעלאַך; און אויב ער פאַרמאָגט דאָס אויך ניט, ברייַנגט ער נאָר אַביסל זעמלמעל, אָן בוימל און אָן ווייַרויך.

און דערום רופט מען דעם „אָשם" אויך אַ „עולה ויורד". („עולה" מיינט: עס שטייַגט אַרויף; און „יורד" מיינט: עס נידערט אַראָפּ, — לויט דעם פאַרמעגן...)

און אָט דאָס זייַנען די זינד, פאַר וועלכע עס קומט אַ „קרבן אָשם":

(א) ווען עמיצער הערט, אַז מע באַשווערט מיט אַ קללה, אַז דער, וואָס קאָן זייַן אַן עדות, סאַי ער האָט אַליין געזען און סאַי ער ווייסט עפּיס, זאָל קומען עדות זאָגן ביים בית־דין, — און ער קומט ניט, און ער טראָגט אויף זיך אַ זינד;

(ב) ווען עמיצער רירט זיך אָן אָן אַ נבלה פון אַן אומרייַנער חיה, אָדער פון אַ בהמה, אָדער פון אַ שרץ, אָדער ער רירט זיך אָן אָן אַ טויטן מענטשן (מת) אָדער אָן אַן אומרייַנעם מענטשן, און ער ווייסט ניט, און גייט אַזוי אַריין אין אַ הייליק פּלאַץ, אָדער ער עסט אַ הייליק מאכל, און נאָכדעם ווערט ער געוואָר פון דעם און ער האָט חרטה אויף זייַן זינד;

(ג) ווען עמיצער שווערט אַ שבועה, צום גוטן אָדער צום שלעכטן, און ער פאַרגעסט אָן איר, און נאָכדעם דערוויסט ער זיך, אַז ער האָט פאַרשוועכט זייַן שבועה, — און אויף די אַלע זינד דאַרף ער זיך פריער מודה זייַן און חרטה האָבן;

(ד) ווען עמיצער פעלשט אַקעגן גאָט'ס הייליגקייטן און נעמט צו עפּיס פון זיי, מוז ער ברייַנגען אַ ווידער (באַראַן) אין דער פּרייַז פון צוויי שקלים. און ער מוז אויך באַצאָלן די פולע פּרייַז פון דער זאַך, וואָס ער האָט צוגענומען, און נאָך צולייגן אַ פינפטל אַלס שטראָף, און עס געבן צום כהן.

(דאָס הייסט „אשם מעילה", אַ פעלשונג־שולד).

(ה) ווען עמיצער פעלשט און פאַרלייקנט זייַן פריינט'ס אַ

„פקדון" (אַ זאַך, וואָס יענער האָט אים געגעבן באַהאַלטן) אָדער אַ משכון, אָדער ער רויבט ביי יענעם, אָדער ער באַצאָלט ניט וויפיל עס קומט יענעם פאַר אַרבעט, אָדער ער געפינט אַן אבדה (פאַר-לאָרענע זאַך) און פאַרלייקנט, און שווערט אויף פאַלש, — דאַרף ער אַלץ צוריקגיבן, און אויב ער האָט שוין די זאַכן ניט מער, זאָל ער באַצאָלן די פולע פרייז און נאָך צולייגן אַ פינפטל אַלס שטראָף, און גיבן צו דעם, וואָס עס געהערט.

(ו) ווען עמיצער טוט אַ זינד, און ער איז אין ספק, צי ער האָט געזינדיקט צי ניט, ברייגנט ער אַ ווידער אַלס קרבן-אָשם.

(דאָס הייסט שוין אַ „אָשם תלוי", אַ שולד וואָס הענגט אָן אַ ספק).

סדרה

# צַו

(זאָג אָן)

## גאָט זאָגט אָן ווי אַזוי צו מקריב זיין די קרבנות

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן אַזוי צו זאָגן:
— זאָג אָן אהרנ'ען און זיינע זין די דינים, ווי אַזוי מקריב צו זיין די אויבן־דערמאָנטע קרבנות, און אויך די קרבנות פון צבור (קהל), וואָס איך וועל דיר איצט אויסרעכענען:

* * * *

## עולת־התמיד של צבור

(שטענדיקער בראַנד־אָפּפער פון קהל)

„קרבן עולה פון צבור" דאַרף מען מקריב זיין יעדן פרימאָרגן און אָוונט. און דער דין איז פונקט, ווי פון אַ קרבן־עולה פון אַ יחיד (איינצעלנער מאַן).

דער קרבן־עולה פון קהל מוז ברענען אויפן מזבח אַ גאַנצע נאַכט ביז אינדערפרי. און דער כהן זאָל אָנטאָן זיין ליינען־קלייד און ליינענע הויזן, און ער זאָל אַראָפּנעמען דאָס אַש פונם קרבן און אַוועקלעגן לעבן מזבח. נאָכדעם זאָל ער אויסטאָן די קליי־

דער און אָנטאָן אַנדערע קליידער, און ארויסטראָגן דאָס אַש אוים'ן לאַגער (מחוץ למחנה) אויף אַ ריין אָרט.

און דאָס פייער אויפן מזבח זאָל האַלטן אין איין ברענען און עס זאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן. און אַלע אינדערפרי זאָל דער כהן ווידער אָנצינדן דערויף האָלץ פאַר דער נייער עולה.

* * * *

## מנחת־התמיד של צבור

(שטענדיקער שפייז־אָפּפער פון קהל)

„קרבן מנחה פון קהל" דאַרף מען מקריב זיין נאָך דעם קהל'שן קרבן עולה.

דער דין פון קהל'ס שפייז־אָפּפער איז פונקט, ווי פון אַ קרבן מנחה פון אַ יחיד (איינצעלנער מאַן).

* * * *

## גאָט פאַרבאָט חלב און בלוט

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, ער זאָל אַזוי זאָגן צו די אידן:

— קיין חלב פון אַן אָקס אָדער פון אַ שעפּס, אָדער פון אַ ציג, זאָלט איר ניט עסן. און דער חלב פון אַ נבלה (אַ גע'פּגר'טע) און פון אַ טריפה (אַ פאַרצוקטע) מעג באַנוצט ווערן אויף אַלערליי אַרבעט, אָבער עסן טאָרט איר אים ניט.

וואָרים דער, וואָס וועט עסן חלב פון אַ בהמה, וואָס מע איז פון איר מקריב אַ קרבן צו גאָט, יענער מענטש וועט פאַרשניטן ווערן פון זיין פאָלק.

און קיין בלוט, סאַי פון אַ בהמה און סאַי אַפילו פון אַן עוף, טאָרט איר ניט עסן אין אַלע אייערע וואוינערטער.

* * * *

# משה הייליקט אהרנ'ען און זיינע זין

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אזוי צו זאָגן:
— נעם אהרנ'ען און זיינע זין מיט אים, און די הייליקע קליי־
דער, און דעם בוימל פון זאַלבונג, און דעם אָקס פון זינדאָפּפער,
און די צוויי ווידערס (באַראַנעס), און דעם קאָרב מצות, און זאַמל
איין די גאַנצע עדה (געמיינדע) צום איינגאַנג פון אוהל מועד.
און משה האָט אזוי געטאָן, ווי גאָט האָט אים געהייסן. און
ער האָט געוואשן אהרנ'ען און זיינע זין מיט וואַסער, און ער
האָט אים אָנגעטאָן אַלע הייליקע קליידער, און ער האָט אים
געזאַלבט מיט בוימל, און ער האָט אים געהייליקט.
און ער האָט אָנגעזאָגט אהרנ'ען און זיינע זין, אַז זיי זאָלן
זיבן טעג ניט ארויסגיין פון אוהל מועד. (זיי הייסן „שבעת ימי
המלואים", די זיבן טעג פון באַשטימונג).

סדרה

# שמיני

(דער אכטער)

## אהרן איז מקריב די ערשטע קרבנות

און עס איז געווען אויפן אכטן טאָג פון חודש ניסן האָט משה גערופן אהרנ׳ען און זיינע זין און די עלטסטע פון די אידן.

און ער האָט געזאָגט צו אהרנ׳ען:

— נעם דיר אַ קאַלב, אַ יונג רינד, פאַר אַ קרבן־חטאת (אַ זינדאָפּפער), און אַ ווידער פאַר אַ קרבן־עולה (אַ בראַנדאָפּפער), און זיי זיי מקריב פאַר גאָט.

און צו די אידן זאָלסטו זאָגן, אַז זיי זאָלן נעמען אַ ציגנבאָק פאַר אַ חטאת, און אַ קאַלב מיט אַ שעפּס פאַר אַן עולה, און אַן אָקס מיט אַ ווידער פאַר אַ שלמים, און אַ מנחה געמישט מיט בוימל, — וואָרים היינט טוט זיך גאָט באַווייזן צו אייך!

און אַלע האָבן געבראַכט אַלץ, וואָס משה האָט געזאָגט, צום אוהל מועד, און די גאַנצע עדה האָט זיך געשטעלט פאַר גאָט. און אהרן האָט מקריב געווען די קרבנות.

נאָכדעם זיינען משה און אהרן אריינגעגאַנגען אין אוהל מועד, און ווען זיי זיינען ארויסגעקומען האָבן זיי געבענטשט דאָס פאָלק.

און אַ פייער איז אַרויס פון פאַר גאָט און האָט פאַרברענט אַלצדינג אויפן מזבח. און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געזען, און זיי האָבן אויסגעשריען פון פרייד, און זיי זיינען געפאַלן אויף זייערע פנים׳ער.

* * * *

## אהרנ׳ס צוויי זין זינדיקן און ווערן באַשטראָפט

און אהרנ׳ס צוויי זין, נדב און אביהוא, האָבן גענומען איט־ליכער זיין פייערפאַן און האָבן אריינגעלעגט אין זיי פייער, און אַרויפגעלעגט דערויף ווייררויך, און אַזוי האָבן זיי מקריב געווען פאַר גאָט „פרעמד פייער", וואָס גאָט האָט זיי ניט באַפוילן.

איז אַרויס אַ פייער פון פאַר גאָט און האָט זיי פאַרברענט, און זיי זיינען געשטאָרבן.

האָט משה געזאָגט צו אהרנ׳ען: אָט דאָס איז עס, וואָס גאָט האָט גערעדט:

„דורך מיינע נאָענטע
וועל איך געהייליקט ווערן!
און דורך זיי
וועל איך ביים גאַנצן פאָלק געערליכט ווערן!"

און אהרן האָט געשוויגן.

און משה האָט גערופן מישאל און אלצפן, די קינדער פון עוזיאל׳ן, אהרנ׳ס פעטער, און האָט זיי געהייסן אַרויסצוטראָגן זייערע קרובים, די טויטע, אויס׳ן לאַגער.

און צו אהרנ׳ען און זיינע זין, אלעזר און איתמר, האָט ער געזאָגט:

— אייערע קעפּ זאָלט איר ניט לאָזן פאַרוואַקסן, און אייערע קליידער זאָלט איר ניט איינרייסן, ווי אַנדערע אבלים טוען, כדי איר זאָלט ניט שטאַרבן, און גאָט זאָל ניט צערענען אויף דער גאַנצער עדה. נאָר אייערע ברידער, דאָס גאַנצע פאָלק ישראל, זיי זאָלן באַווייגען דאָס פאַרברענונג, וואָס גאָט האָט פאַרברענט.

און גאָט האָט גערעדט צו אהרנ׳ען, אַזוי צו זאָגן:

— ווייַן און שטאַרקע געטראַנקען זאָלסטו און דייַנע זין ניט טרינקען, ווען איר גייט אַרייַן אין אוהל־מועד, כּדי איר זאָלט ניט שטאַרבן.

דאָס איז אַן אייביק געזעץ אויף אַלע אייערע דורות, כּדי איר זאָלט אָפּשיידן צווישן הייליקן און אומהייליקן, און צווישן אומרייַנעם און רייַנעם!

## די דינים וועגן רייַנע און אומרייַנע לעבעדיקע זאַכן

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און צו אהרנ'ען, אַזוי צו זאָגן:

— רעדט צו די בני־ישראל און זאָגט זיי אַזוי: דאָס זייַנען די לעבעדיקע זאַכן, וואָס איר מעגט עסן פון אַלע בהמות: — די וואָס האָט צעשפּאָלטענע קלויען (הופס), און זי איז מעלה־גרה (זי ברענגט תּמיד אַרויף דאָס צעקייַעטע עסנוואַרג פונם מאָגן, און קייַעט עס נאָכאַמאָל איבער), זי מעגט איר עסן. אָבער דידאָזיקע טאָרט איר ניט עסן: די וואָס זייַנען נאָר מעלה־גרה און קיין צעשפּאָלטענע קלויען האָבן זיי ניט, און די וואָס האָבן נאָר צעשפּאָלטענע קלויען און זייַנען ניט מעלה־גרה:

דעם קעמל, הגם ער איז מעלה־גרה, אָבער קיין קלויען האָט ער ניט, איז ער טמא.

דעם קראָליק (רעביט), הגם ער איז מעלה־גרה, אָבער קיין קלויען האָט ער ניט.

דעם האָז (העיר), הגם ער איז מעלה־גרה, אָבער קיין קלויען האָט ער ניט.

דעם חזיר, הגם ער האָט צעשפּאָלטענע קלויען, אָבער ער איז ניט מעלה־גרה.

די לעבעדיקע וואָס אין וואַסער, מעגט איר עסן אַלע, וואָס האָבן פלוס־פעדערן (פינס) און שופּן (סקעילס). אַנדערע לעבעדיקע זאַכן פונם וואַסער טאָרט איר ניט עסן.

און דידאָזיקע פויגלען טאָרט איר ניט עסן:

דעם אָדלער, דעם ביינברעכער, און דעם ים־אָדלער;

דעם וויי (קאָרשון, קאיט), און דעם פאַלקפויגל, לויט זייַנע מינים;

יעדען ראָב (רעיווען) לויט זיינע מינים;
דעם שטרויספויגל (אָסטריטש), דעם נאַכט-שפּאַרבער, דעם ים-ראָב, און דעם שפּאַרבער לויט זיינע מינים;
די אייל, דעם פישכאַפּער, און די נאַכטאייל;
דעם אוהו, דעם פּעליקאַן און דעם גייער;
דעם שטאָרך, דעם בושל לויט זיינע מינים;
דעם אויערהאָן, און די פלעדע־מויז.
און יעדען געפליגלטן שרץ, וואָס גייט אויף פיר, טאָרט איר ניט עסן. אָבער דידאָזיקע געפליגלטע שרצים, וואָס גייען אויף פיר, מעגט איר עסן:
די וואָס האָבן געלענקען איבער זייערע פיס צו שפּרינגען מיט זיי אויף דער ערד; דעם היישעריק לויט זיינע מינים, דעם גראָזפרעסער לויט זיינע מינים, דעם שפּרינגער לויט זיינע מינים, און די גריל לויט אירע מינים.
אַלע פירפיסיקע, וואָס גייען אויף זייערע לאַפּעס טאָרט איר ניט עסן.
אַלע שרצים, וואָס קריכן אויף דער ערד, טאָרט איר ניט עסן:
דאָס וויזעלע, די מויז, און די שילדקרויט לויט אירע מינים;
די גראָבמויז, דעם ערדקראָקאָדיל, דעם עקדעש, דעם זאַמד-עקדעש, און דעם כאַמעלעאָן (וואָס בייט זיינע פאַרבן פון דער הויט אין פאַרשיידענע קאָלירן, ווען ער בלאָזט זיך אָן).
אַלע, וואָס גייען אויפן בויך, און אַלע וואָס זיינען פילפיסיק, טאָרט איר ניט עסן.
און ווען איינע פון די בהמות, וואָס איר מעגט יאָ עסן, ווערט אָוועקפּאַלן, איז דער וואָס רירט אָן איר נבלה זאָל זיין טמא ביזן אָוונט; און דער וואָס טראָגט איר נבלה, זאָל וואַשן זיינע קליידער און זיין אומריין ביזן אָוונט.
איר זאָלט זיך ניט פאַראומרייניקן, און איר זאָלט זיין הייליק, וואָרים איך, אייער גאָט, בין הייליק.

סדרה

# תזריע

(אַז זי וועט געליגן ווערן)

## דינים וועגן אַ קינפּעטאָרן

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— אַז אַ פרוי וועט געליגן ווערן און געבוירן אַ אינגל, זאָל זי זיין אומריין (טמא) זיבן טעג, און אויפן אַכטן טאָג זאָל מען מל זיין דאָס אינגל (מאַכן אַ ברית), און נאָכדעם זאָל די געווינערין (קינפּעטאָרן) דריי־און־דרייסיג טעג ניט טאָרן אָנרירן קיין הייליקע זאַך, און אין מקדש זאָל זי ניט אריינקומען, ביז זי וועט ריין. און אויב זי וועט געליגן מיט אַ מיידל, זאָל זי זיין אומריין צוויי וואָכן, און נאָכדעם זאָל זי זעקס־און־זעכציק טעג ניט טאָרן אָנרירן קיין הייליקע זאַך.

און ווען עס ענדיקט זיך די צייט פון איר אומריינקייט, זאָל זי ברייננגען אַ קרבן עולה און אַ חטאת, און דער כהן זאָל זיי מקריב זיין און פאַרגיבן אויף איר, און זי וועט ריין.

* * * *

## דינים וועגן צרעת (לעפּראָסי)

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און צו אהרנ'ען, אַזוי צו זאָגן:

— ווען עמיצער זעט אויף זיין הויט פון לייב א געשווילעכץ, אָדער א גרינד, אָדער א פלעק, זאָל ער באַלד געבראַכט ווערן צום כהן, און דער כהן זאָל אים גוט באטראכטן און זען לויט די סימנים, צי דאָס איז אַן אָנשטעקענדיקע קראנקהייט אָדער ניט, און ער זאָל זאָגן צי דער מענטש איז ריין אָדער אומריין (טהור, אָדער טמא).

און דער קרעציקער, וואָס די פּלאָג איז אויף אים, זאָלן אויף אים זיינע קליידער זיין צעריסן, און זיין קאָפּ פאַרוואַקסן, און ער זאָל שרייען: „גייט אַוועק פון מיר, איך בין טמא, טמא!”, און ער זאָל זיצן אויסערן לאַגער.

און אַזוי אויך, ווען די פּלאָג פון קרעץ וועט זיין אין קליידער, אָדער אין כלים פון פעל, מוז דער כהן דאָס זען און זאָגן, צי עס איז ריין אָדער אומריין. און דאָס אומריינע זאָל פאַרשלאָסן ווערן אויף זיבן טעג. און נאָך זיבן טעג, ווען דער כהן וועט זען, אַז דער אויסשלאָג פון דער נגע (פּלאָג) האָט זיך מער פאַרשפּרייט, מוז מען דאָס פאַרברענען; און אויב די נגע האָט זיך ניט פאַר־שפּרייט מער, דאַרף מען עס אויסוואַשן גוט און ווידער פאַרשליסן אויף אַנדערע זיבן טעג. און דאַמאָלט זאָל עס דער כהן ווידער־אַמאָל זען און זאָגן, צי עס איז ריין אָדער אומריין.

סדרה

# מצורע

(אַ קרעציקער)

## דינים וועגן רייניקונג פון אַ מצורע

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— דאָס זאָל זיין דער דין פון אַ מצורע אין טאָג פון זיין רייניקונג: ער זאָל געבראַכט ווערן צום כהן, און דער כהן זאָל אַרויסגיין צו אים מחוץ למחנה, און ער זעט, אויב דער אויסשלאָג פון צרעת איז פאַרהיילט געוואָרן, זאָל דער כהן באַפוילן צו נעמען צוויי לעבעדיקע ריינע פויגלען, און צעדער האָלץ, און אַ רויטן פאָדים, און אזוב־גראָז. און מע זאָל שעכטן איין פויגל, און מע זאָל איינטונקען דעם לעבעדיקן פויגל, און דאָס צעדער האָלץ, און דעם רויטן פאָדים, און דאָס אזוב־גראָז, אין דעם בלוט פונם געשאָכטענעם פויגל. און דער כהן זאָל שפּריצן זיבן מאָל אויפן מצורע, וואָס ווערט ריין. און דעם לעבעדיקן פויגל זאָל דער כהן אָפּלאָזן אויפן פרייען פעלד. און דער מצורע זאָל וואַשן זיינע קליידער, און ער זאָל זיך אָפּגאָלן זיינע האָר, און ער זאָל זיך באָדן אין וואַסער, און ווערן ריין, — און נאָכדעם מעג ער אַריינקומען אין לאַגער, און ער זאָל זיצן זיבן טעג אינדרויסן פון זיין געצעלט.

אויפן זיבעטן טאָג זאָל ער זיך ווידער אָפּגאָלן זיינע האָר, און זיך באָדן און וואַשן זיינע קליידער.

און אויפן אכטן טאָג זאָל ער ברענגען דידאָזיקע קרבנות: אַן אָשם, אַן עולה, אַ חטאת און אַ מנחה.

* * * *

## דינים וועגן צרעת אין הייזער

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און צו אהרנ'ען, אַזוי צו זאָגן:

— אַז איר וועט קומען אין לאַנד כנען, וואָס איך גיב אייך פאַר אַן אייגנטום, און איך וועל ברענגען אַ פּלאָג פון צרעת אין אַ הויז, זאָל דער בעל־הבית באַלד קומען צום כהן און אים דערציילן.

און דער כהן זאָל הייסן אויסראַמען די כלים פון הויז, און ער זאָל קומען און באַטראַכטן דעם אויסשלאַג לויט די סימנים, און ער זאָל זאָגן, צי עס איז ריין אָדער אומריין.

דאָס אומריינע הויז זאָל פאַרשלאָסן ווערן אויף זיבן טעג. און נאָכדעם קומט ווידער דער כהן און זעט, אויב נאָך די זיבן טעג איז די פּלאָג אין הויז מער פאַרשפּרייט געוואָרן, הייסט דער כהן ארויסשלעפּן די קרעציקע שטיינער פון די ווענט, און אריינלעגן אַנדערע שטיינער; און אויב עס העלפט ניט, און די צרעת פאַרשפּרייט זיך אַלץ, הייסט דער כהן צו צעוואַרפן דאָס הויז אינגאַנצן.

סדרה

# אחרי מות

(נאָך דעם טויט)

## דינים וועגן קרבנות פון יום־כפור

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, נאָך דעם טויט פון אהרנ'ס צוויי זין, וואָס זיינען געשטאָרבן דערפאַר, וואָס זיי האָבן מקריב געווען פרעמד פייער, און גאָט האָט אַזוי געזאָגט:

— רעד צו דיין ברודער אהרנ'ען, אַז ער זאָל ניט אריינקומען צו יעדער צייט אין הייליקטום (קדשי קדשים), אינעווייניק פון פרוכת, וואָס אויפן אָרון, כדי ער זאָל ניט שטאַרבן.

נאָר איין מאָל אין יאָר דאַרף ער דאָס טאָן, אין טאָג פון פאַרגיבונג (יום כפור). און דערמיט זאָל ער אריינקומען:

אַ הייליק, ווייס, ליינען העמד זאָל ער אָנטאָן, און ליינענע הויזן, און אַ ליינענעם גאַרטל, און אַ ליינען היטל. און ער זאָל באָדן זיין לייב אין וואַסער. און אַ חטאת און אַן עולה זאָל ער ברענגען, צו פאַרגיבן פאַר זיך און פאַר זיין הויזגעזינט.

און פון דער עדה זאָל ער נעמען צוויי ציגנבעק פאַר אַ חטאת, און אַ ווידער (באַראַן) פאַר אַן עולה.

* * * *

## דער „חטאת" און דער „עזאזל"

די צוויי ציגנבעק זאָל דער כהן אוועקשטעלן פאַר גאָטביים אריינגאַנג פונם אוהל מועד, און ער זאָל ארויפלעגן אויף זיי די גורלות, איין גורל „פאַר גאָט", און איין גורל „פאַר עזאָזל" (אַ שטאַרקער און הויכער באַרג אין מדבר).

די צוויי גורלות (קוויטעלאך) האָט דער כהן באַדאַרפט ארויס־שלעפּן פון אַזאַ מין פאַרמאַכט קעסטל (קלפּי) מיט ביידע הענט, ניט קוקנדיק אינעווייניק.

דעם באָק, וואָס אויף אים איז געפאַלן דער גורל „פאַר גאָט", זאָל אהרן מקריב זיין פאַר אַ חטאת (שעיר החטאת), און דעם באָק, וואָס אויף אים איז געפאַלן דער גורל „פאַר עזאָזל", זאָל אהרן אויף אים אָנלענען ביידע הענט, און ער זאָל מתודה זיין אויף אַלע זינד פון דער עדה, און ער זאָל דעם באָק אוועקשיקן דורך אַ שליח אין מדבר אריין, וואוהין דער באָק טראָגט אוועק אַלע זינד מיט זיך. און דאָרטן זאָל מען דעם באָק אַראָפּוואַרפן פון שפּיץ באַרג, און זיינע אברים ווערן צעריסן אויף שטיקער (שעיר לעזאָזל).

* * * *

## דינים וועגן תענית יום־כפור (פאַסטן)

און דאָס זאָל זיין צו אייך פאַר אַן אייביקן געזעץ:

— דעם צענטן טאָג פון זיבעטן חודש (תשרי) זאָלט איר פּייניקן אייער לייב (מאַכן אַ תענית, פאַסטן) און קיין אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן, סיי דער איינגעבוירענער און סיי דער פרעמדער (גר), וואָס וואוינט צווישן אייך. וואָרים אין דעם־דאָזיקן טאָג וועט פאַרגיבן ווערן אויף אייך, צו ריייניקן אייך פאַר גאָט פון אַלע אייערע זינד.

„שבת שבתון", אַ טאָפּלטער שבת איז דערדאָזיקער טאָג צו אייך!

און דאָס זאָל זיין אַ געזעץ אויף אייביק צו פאַרגעבן די זינד פון די בני־ישראל איינמאָל אין יאָר (יום הכפורים).

* * * *

## דינים וועגן משפחה־ריינקייט (טהרת המשפחה)

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די בני ישראל און זאָלסט זיי זאָגן אין מיין נאָמען: „איך בין אייער גאָט!", אַזוי ווי די מעשים פון לאַנד מצרים און פון לאַנד כנען זאָלט איר ניט טאָן, און אין זייערע געזעצן זאָלט איר ניט נאָכגיין. איר זאָלט אָפּהיטן נאָר מיינע געזעצן, לויט וועלכע אַ מענטש דאַרף לעבן.

מיט די דאָזיקע קרובים (נאָענטע) טאָר מען ניט חתונה האָבן:

מיט אַ פאָטער׳ס ווייב, אַ שטיפמאַמע, אַפילו ווען דער פאָטער האָט זי געג׳גט.

מיט אַ מוטער, ווען זי איז אַפילו דעם פאָטער׳ס אומגעזעצליכע ווייב.

מיט אַ שטיפמאַמע, אַפילו נאָך דעם פאָטער׳ס טויט.

מיט אַ שוועסטער פון איין פאָטער, אָדער פון איין מוטער.

מיט אַ זון׳ס טאָכטער אָדער מיט אַ טאָכטער׳ס טאָכטער. (און אודאי ניט מיט אַן אייגענער טאָכטער.)

מיט אַ מומע פון פאָטער׳ס צד אָדער פון מוטער׳ס צד.

מיט אַ מומע, וואָס איז דעם פאָטער׳ס ברודער׳ס ווייב.

מיט אַ שנור, דעם זון׳ס ווייב.

מיט אַ שוועגערן, דעם ברודער׳ס ווייב.

מיט אַ ווייב׳ס טאָכטער, אָדער מיט אַ ווייב׳ס מוטער.

מיט אַ ווייב׳ס זון׳ס טאָכטער, אָדער מיט אַ ווייב׳ס טאָכטער׳ס טאָכטער.

מיט צוויי שוועסטער מיטאַמאָל.

מיט אַן אשת־איש (אַ פאַרהייראַטע פרוי).

אָט מיט די אַלע טאָרט איר ניט חתונה האָבן, און איר זאָלט

ניט טמא ווערן (אומריין ווערן). וואָרים מיט די אַלע אומריינע פּאַמיליע-לעבנס זיינען די געצענדינער טמא געוואָרן, און טמא געמאַכט דאָס לאַנד, און דערפאַר האָט זיי דאָס לאַנד אויסגע־שפּיגן פון זיך.

**נאָר מ י י נ ע געזעצן זאָלט איר היטן, און הייליק זאָלט איר זיין. א י ך בין אייער גאָט.**

סדרה

# קדושים

(הייליקע)

## גאָט זאָגט אָן צו זיין הייליק

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו דער גאַנצער עדה פון די בני־ישראל און זאָלסט זיי זאָגן: הייליקע זאָלט איר זיין, וואָרים איך, אייער גאָט, בין הייליק!

איטליכער זאָל מורא האָבן (יראת הכבוד) פאַר זיין מוטער און פאָטער (אוים רעספּעקט צו זיי).

מיינע שבתים זאָלט איר אָפּהיטן.

איר זאָלט זיך ניט ווענדן צו די אָפּגעטער, און קיין געגאָסענע געטער זאָלט איר אייך ניט מאַכן (אַפילו פאַר אַנדערע); איך בין אייער גאָט!

* * * *

## דינים וועגן העלפן אָרימע און פרעמדע

(פּאה, לקט, עוללות, פּרט.)

**פּאה** (עק): ווען איר שניידט די תבואה פון אייער פעלד, זאָלט איר ניט פאַרענדיקן אָפּצושניידן ביז'ן עק פון פעלד, נאָר איר זאָלט די עקן איבערלאָזן.

**לקט** (קלייבן): און די איינציקע זאנגען, וואס פאלן אראפ ביים שניידן די תבואה, זאלט איר ניט אויפקלייבן.

**עוללות** (יונגע): און ווען איר רייסט די צייטיקע וויינטרויבן פון וויינגארטן, און איר לאזט איבער די יונגע, זאלט איר ניט קומען שפעטער נאכאמאל און אפרייסן די פארבליבענע, צייטיק געווארענע, וויינטרויבן.

**פרט** (איינציקע): און די איינציקע וויינטרויבן, וואס פאלן אראפ ביים רייסן, זאלט איר ניט אויפקלייבן.

דאס אלצדינג דארפט איר איבערלאזן פאר די ארימע און פרעמדע, אז זיי זאלן עס נעמען, כדי זיי זאלן האבן וואס צו עסן.

* * * *

## דינים וועגן פירונגען צווישן מענטש און מענטש

איר זאלט ניט גנב'ענען. איר זאלט ניט פארלייקענען, ווען מע גיט אייך עפּים באהאלטן. איר זאלט ניט זאגן קיין ליגן. איר זאלט ניט שווערן ביי מיין נאמען צו פאלשן.

איר זאלט ניט דריקן קיינעם, און ניט בארויבן. איר זאלט ניט לאזן איבערנעכטיקן ביי אייך דעם לוין (געהאלט, פארדינסט) פון א געדונגענעם ארבעטער ביז אינדערפרי.

איר זאלט ניט שילטן קיין טויבן, און פאר א בלינדן זאלט איר ניט לעגן קיין שטרויכלונג אויפן וועג.

איר זאלט ניט טאן קיין אומרעכט אין א משפט: איר זאלט ניט שוינען קיין ארימאן אויס רחמנות, און ניט שאנעווען קיין גרויסן מאן (אויס רעספעקט) — נאר מיט גערעכטיגקייט זאלסטו משפטן דיין חבר.

איר זאלט ניט פירן קיין רכילות. איר זאלט ניט שטייען אויפן בלוט פון קיין מענטשן (אויב ער איז אין א סכנה, מוז מען אים העלפן).

איר זאלט ניט פּינט האבן קיינעם אין הארצן (טראגן א

פאַרבאָרגענע שנאָה), נאָר איר זאָלט זיך מיט אים אויסרעדן, וועט איר איבער אים קיין זינד ניט טראָגן.

איר זאָלט זיך ניט נוקם זיין אין קיינעם, און איר זאָלט ניט היטן קיין שנאָה צו נוקם זיין זיך ביי אַ געלעגנהייט.

דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר, אַזוי ווי זיך אַליין! איך בין גאָט!

* * * *

## דער דין פון ערלה

**ערלה** (אומבאַשניטן, פאַרשטאָפּט): און אַז איר וועט קומען אין אייער לאַנד, און איר וועט פלאַנצן אַלערליי פרוכטבוימער, זאָלט איר די ערשטע דריי יאָר ניט עסן פון די פרוכטן, נאָר זיי לאָזן אומבאַשניטן.

און אויפן פירטן יאָר זאָלן אַלע פרוכטן זיין הייליק פאַר אַ לויבגעבונג צו גאָט. (מען פלעגט די פרוכטן ברייגנען קיין ירושלים און זיי עסן דאָרטן מיט פרייד און געזאַנג, אָדער מע האָט זיי פאַרביטן אויף געלט און אין ירושלים האָט מען דערפאַר גע-קויפט שאָף און רינדער פאַר אַ קרבן שלמים, און מע האָט געמאַכט אַ פרייליכע סעודה).

און אויפן פינפטן יאָר מעגט איר שוין עסן זייערע פרוכטן, כדי אייך זאָל געמערט ווערן דער איינטראָג פאַר די יאָרן, וואָס איר האָט קיין הנאָה ניט געהאַט.

* * * *

## דינים וועגן כישוף און פרעמדע מנהגים

איר זאָלט ניט עסן דאָס פלייש פון אייער שעכטונג לעבן פאַרגאָסענעם בלוט. (די מזרח פעלקער פלעגן אַזוי טאָן; זיי פלעגן אויך פלאַנצן בוימער אויף בלוט, כדי זיי זאָלן זיין פעט און פרוכטבאַר.)

איר זאָלט ניט טאָן קיין כישוף, און איר זאָלט ניט וואָרזאָגן. (ניט גלויבן אין קיין שפּרוכן און נאַרישע סימנים).

איר זאָלט ניט אָפּשניידן רונד די ברעגן פון די האָר פון קאָפּ. און איר זאָלט ניט פאַרדאַרבן די עקן פון אייער באָרד. איר זאָלט ניט מאַכן קיין שניט אין אייער לייב נאָך אַ טויטן, און קיין געשריפט־אויסקריצונגען זאָלט איר אויף זיך ניט מאַכן.

איר זאָלט ניט פאַרשוועכן אייער טאָכטער צו מאַכן זי פאַר אַן אויסגעלאַסענע. און איר זאָלט זיך ניט ווענדן צו בויכרעדנערס און גייסט־אויפברייגנגערס, צו פאַראומרייניקן זיך מיט זיי. איך בין אייער גאָט!

* * * *

## נאָך דינים וועגן פירונגען מיט מענטשן

פאַר אַ גרייז זאָלט איר אויפשטיין מיט כבוד, און אַ זקן זאָלט איר שאַנעווען.

און אַ גר אין אייער לאַנד זאָלט איר ניט נאַרן. דער גר זאָל זיין פונקט ווי אַן אַלטגעזעסענער ביי אייך, און איר זאָלט אים ליב האָבן, אַזוי ווי זיך אַליין. ווייל איר זיינט אַליין געווען גרים אין לאַנד מצרים.

איר זאָלט ניט מאַכן קיין פאַלשע מאָס און וואָג צו נאַרן יענעם. אַלץ זאָל זיין ריכטיק און אמת.

איך בין אייער גאָט, וואָס האָב אייך אַרויסגענומען פון מצרים, דאַרפט איר אָפּהיטן אַלע מיינע געזעצן און געבאָטן.

סדרה

# אמור

(זאָג)

## דינים פאַר די כהנים

**און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:**

**— זאָג צו די כהנים, אהרנ'ס זין, די פאָלגענדע דינים: צו א מת (א טויטן) טאָר זיך קיין כהן ניט צורירן און טמא ווערן אין זיין פאָלק (וואו עס זיינען דאָ אַנדערע מענטשן צו טאָן די אַרבעט. אָבער ווען ער געפינט אַ מת אין פעלד, מוז ער זיך מטמא זיין און אים צונעמען).**

**נאָר צו זיינע גאָר נאָענטע פריינט, צו זיין ווייב, צו זיין מוטער און פאָטער, צו זיין זון און טאָכטער, צו זיין ברודער, און צו זיין שוועסטער אַ בתולה (וואָס האָט ניט חתונה געהאַט), — צו זיי איז אַ מצוה, אַז דער כהן זאָל זיך מטמא זיין.**

**זיי, די כהנים, זאָלן זיך ניט אויסרייסן די האָר פון קאָפּ און זאָלן ניט אויסקריצן קיין קריצונגען אין לייב איבער אַ מת. און זיי זאָלן ניט אָפּגאָלן די עקן פון זייער באָרד.**

**הייליקע זאָלן זיי זיין צו זייער גאָט, און זיי זאָלן זיין נאָמען ניט פאַרשוועכן. אַ פרוי אַ זונה אָדער אַ פאַרשוועכטע זאָלן זיי ניט נעמען, און אויך אַ געגט'ע טאָרן זיי ניט נעמען (אַ גרושה).**

און אַ כהנ׳ס אַ טאָכטער, ווען זי ווערט אויסגעלאַסן, פאַרשוועכט זי איר פאָטער, און זי דאַרף פאַרברענט ווערן אין פייער.

און אַ כהן־גדול, וואָס איז געזאַלבט געוואָרן מיט בוימל, און איז באַשטימט אָנצוטאָן די הייליקע קליידער (ביז איצט איז גערעדט געוואָרן נאָר וועגן אַ פּשוט׳ען כהן, אַ "כהן הדיוט"), זאָל זיך ניט לאָזן וואַקסן די האָר אַלס טרויער (דאָס הייסט מער פון דרייסיק טעג), און זיינע קליידער זאָל ער ניט רייסן איבער אַ מת, און צו קיין טויטן טאָר ער ניט צוקומען, אַפילו ניט צו זיין פאָטער און מוטער, און פונם מקדש זאָל ער ניט אַרויסגיין צו באַלייטן זיי.

און אַ כהן, וואָס האָט אַ מום, טאָר ניט מקריב זיין קיין קרבנות. ער מעג עסן אַלץ, וואָס געהערט צו די כהנים, אָבער קיין הייליקע אַרבעט טאָר ער ניט טאָן.

און ער מעג חתונה האָבן נאָר מיט אַ בתולה; קיין אַלמנה אָדער אַ גרושה טאָר ער ניט נעמען.

## דינים וועגן רחמנות אויף לעבעדיקע נפשות
### (צער בעלי־חיים)

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— אַ רינד, אָדער אַ שעפּס, אָדער אַ ציג, ווען עס ווערט געבוירן, זאָל עס זיין זיבן טעג אונטער דער מוטער, און עס זאָל זיך שפּייזן מיט איר מילך. און ערשט פונם אַכטן טאָג און ווייטער וועט עס באַוויליקט ווערן פאַר אַ קרבן צו גאָט.

און אַ רינד, אָדער אַ שאָף זאָלט איר ניט שעכטן די מוטער מיט איר קינד אין איין טאָג. (עס איז דאָ אַ מיינונג אין תלמוד, אַז אַפילו דעם פאָטער מיט זיין קינד טאָר מען אויך ניט שעכטן אין איין טאָג. דער דין איז אָבער נאָר אויף דער מוטער).

## דינים וועגן די ימים־טובים

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די בני־ישראל און זאָלסט זיי זאָגן: די ימים־טובים פון גאָט, וואָס איר זאָלט זיי רופן אַלס הייליקע פאַרזאַמלונגען, אָט דאָס זיינען מיינע ימים־טובים:

## שבת

זעקס טעג זאָל געטאָן ווערן אַרבעט, און אויפן זיבעטן טאָג איז שבת, אַ רואונג און אַ הייליקע צונויפרופונג פון פאָלק. קיין אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן, — דאָס איז שבת צו גאָט אין אַלע וואוינערטער.

## פסח

אין ערשטן חודש, ניסן, אין פערצענטן טאָג פאַרנאַכט (בין הערבים, בין השמשות) איז פסח צו גאָט (דאמאָלט איז מען מקריב דעם קרבן פסח).

און אין דעם פופצענטן טאָג פון דעמדאָזיקן חודש איז דער יום-טוב פון מצות צו גאָט.

זיבן טעג זאָלט איר עסן מצות.

אין ערשטן און זיבעטן טאָג זאָל זיין ביי אייך אַ הייליקע צונויפרופונג. קיין אַרבעט זאָל ניט געטאָן ווערן. און איר זאָלט ברענגען אַ פייער-אָפּפער צו גאָט אַלע זיבן טעג.

## שבועות

אַז איר וועט קומען אין דעם לאַנד, וואָס איך גיב אייך, און איר וועט שניידן איר תבואה-שניט, זאָלט איר ברענגען דעם עומר (אַזאַ מאָס) פון ערשטן שניט צום כהן.

און אויף מאָרגן נאָכ׳ן רו-טאָג, פון ערשטן טאָג פסח, זאָל דער כהן אויפהייבן דעם עומר (די מאָס תבואה) פאַר גאָט, כדי איר זאָלט באַוויליקט ווערן. און אין דעם טאָג פון אויפהייבונג זאָלט איר ברענגען אַ שעפּס פאַר אַן עולה און אַ מנחה צו גאָט.

און איר זאָלט ניט עסן פון דער נייער תבואה ביז איר וועט ברענגען דעמדאָזיקן קרבן פאַר גאָט. דאָס איז אַן אייביקער געזעץ פאַר אַלע אייערע דורות אומעטום.

און איר זאָלט ציילן פון דעמדאָזיקן טאָג, וואָס איר ברענגט דעם עומר, זיבן גאַנצע וואָכן, ביז דעם מאָרגן נאָך דער זיבעטער

וואָך, — פופציק טעג זאָלט איר אָפּציילן, און ברייגנען אַ שפּייזאָפּ־פער (מנחה) פון דער נייער תבואה צו גאָט.

און דער דאָזיקער פופציקטער טאָג איז יום־טוב שבועות.

(שבועות ווערט אויך גערופן: „חג הקציר" דער יום־טוב פון שניט; „חג הבכורים" דער יום־טוב פון ערשטצייטיגער תבואה; „זמן מתן תורתנו", די צייט, ווען די תורה איז געגעבן געוואָרן.)

## ראש־השנה

אין זיבעטן חודש, תשרי, אין ערשטן טאָג פון חודש, זאָל זיין ביי אייך אַ רואונג, אַ דערמאָנונג דורך שאַלונג (בלאָזן שופר), אַ הייליקע צונויפרופונג.

קיין אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן, און איר זאָלט ברייגנען אַ פייער־אָפּפער צו גאָט.

## יום־כפור

אָבער אין צענטן טאָג פון דעמדאָזיקן זיבעטן חודש, תשרי, איז אַ טאָג פון פאַרגיבונג. א הייליקע צונויפרופונגט זאָל ביי אייך זיין, און איר זאָלט פייניקן אייערע לייבער (פאַסטן, מאַכן אַ תענית) און ברייגנען אַ פייעראָפּפער צו גאָט.

און קיין אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן, ווייל עס איז אַ טאָג פון פאַרגיבונג אויף אייך פאַר גאָט אייער האַר.

וואָרים יעדער נפש (זעל), וואָס וועט זיך ניט פייניקן אין דעמדאָזיקן טאָג, זאָל פאַרשניטן ווערן פון פאָלק. און יעדער נפש, וואָס וועט טאָן אַן אַרבעט אין דעמדאָזיקן טאָג, וועל איך אומברייגנען פון צווישן פאָלק. אַן אייביק געזעץ פאַר אַלע דורות אומעטום.

אַ שבת־שבתון איז יום־כפור פאַר אייך. אין ניינטן טאָג פון חודש, אין אָוונט, פון אָוונט ביז אָוונט, זאָלט איר רוען דעמ־דאָזיקן שבת אייערן.

### סוכות

אָבער אין דער פופצענטן טאָג פונם זיבעטן חודש, ווען איר זאַמלט איין די תבואה פון לאַנד, זאָלט איר פייערן דעם יום-טוב פון גאָט זיבן טעג (דעם יום-טוב סוכות.). אין ערשטן טאָג איז אַ הייליקע צונויפרופונג, קיין ארבעט זאָלט איר ניט טאָן.

זיבן טעג זאָלט איר זיצן איןביידלאך (סוכות), כדי אייערע דורות זאָלן וויסן, אַז אין ביידלאַך האָב איך געמאַכט זיצן די אידן, ווען איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים.

און איר זאָלט נעמען אין ערשטן טאָג פרוכט פון אַ שיינעם בוים (פרי עץ הדר: אתרוג!) צווייגן פון טייטלבוימער (כפות תמרים: לולב!) צווייגן פון אַ מירטנבוים (הדס!) און ווערבעס פון טייך (ערבה!), און איר זאָלט זיך פרייען פאַר גאָט, אייער האַר, זיבן טעג.

### שמיני עצרת

אויפ'ן אכטן טאָג זאָל אַ הייליקע צונויפרופונג זיין ביי אייך, און איר זאָלט ברייגגען אַ פייעראָפּפער צו גאָט.

דאָס איז אַ הייליקע איינזאמלונג. קיין ארבעט זאָלט איר ניט טאָן.

און משה האָט גערעדט וועגן די אלע ימים-טובים פון גאָט צו די בני ישראל.

* * * *

## דער דין וועגן נר תמיד

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— באַפעל די אידן, זיי זאָלן דיר ברייגגען ריינעם, אויסגעשלאָגענעם איילבירט-בוימל פאַר באַלויכטונג, אויף אָנצוצינדן אַ שטענדיק ליכט (נר תמיד).

אין אוהל מועד, פאַר דעם פרוכת פון דעם אָרון זאָל עם אהרן צוריכט מאַכן שטענדיק, פון אָוונט ביז אינדערפרי.

* * * *

# דער דין וועגן לחם הפנים

(דאָס ברויט פאַר גאָט)

און דו זאָלסט נעמען זעמלמעל און דערפון אויסבאַקן צוועלף חלות. און דו זאָלסט זיי אויסלייגן אין צווי רייען, זעקס חלות אין א ריי, אויפן ריינעם טיש פאַר גאָט.

און אויף יעדע ריי זאָלסטו ארויפלייגן לויטערן ווייררויך (אין אַזוינע בעקעלאך פון גאָלד) און עס זאָל זיין פאַר א ריח ניחוח, א פייעראָפּפער צו גאָט.

אַזוי שטענדיק, יעדן שבת זאָל מען אראָפּנעמען די אַלט־געבאַקענע חלות און מע זאָל אַרויפלייגן די פרישע חלות פון לחם הפנים פאַר גאָט. אַן אייביקער בונד פון די אידן מיט גאָט.

און דאָס זאָל געהערן צו אהרנ׳ען און זיינע זין, און זיי זאָלן דאָס ברויט עסן אין דעם הייליקן פלאַץ (אין הויף פון מקדש), ווייל דאָס איז קודש קדשים.

* * * *

# דער גאָט-לעסטערער

און עס איז אַרויסגעגאַנגען צווישן די אידן א זון פון א אידישער פרוי (זיין פאָטער איז געווען א מצרי) און ער האָט זיך געקריגט מיט א מאַן פון ישראל אין דעם לאַגער (מחנה).

און דער זון פון דער אידישער פרוי האָט אַרויסגערעדט און געשאָלטן דעם נאָמען פון גאָט.

און מען האָט אים געבראַכט צו משה׳ן.

דער נאָמען פון דער מוטער איז געווען שלומית בת דברי, פון שבט דן.

און מע האָט אים אַריינגעזעצט אונטער א וואך ביז מע וועט באַשיידן די שטראָף לויט גאָט׳ס באַפעל.

האָט גאָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— פיר אַרוים דעם לעסטערער פון דער מחנה, און די אַלע וואָס האָבן געהערט, זאָלן אָנלעגען זייערע הענט אויף זיין קאָפּ, און די גאַנצע עדה זאָל אים פאַרשטיינען.

און צו די אידן זאָלסטו רעדן, אַזוי צו זאָגן:

— יעדער, וואָס וועט שילטן זיין גאָט, זאָל טראָגן זיין זינד! און די גאַנצע עדה זאָל אים פאַרוואַרפן מיט שטיינער!

און די אידן האָבן אַרויסגעפירט דעם גאָט-לעסטערער, און זיי האָבן אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן צו משה'ן.

סדרה

# בהר

(אויפן בארג)

## דינים וועגן שמיטה (פאַרלאָזונג)

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן אויפן באַרג-סיני אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די אידן און דו זאָלסט זיי זאָגן: אַז איר וועט קומען אין דעם לאַנד, וואָס איך גיב אייך, זאָל די ערד רוען אַ שבת צו גאָט. זעקס יאָר זאָלסטו פאַרזייען דיין פעלד און זעקס יאָר זאָלסטו אָרומשניידן דיין וויינגאָרטן, און איינזאַמלען די פרוכט, און אויפן זיבעטן יאָר זאָל זיין אַ שבת-שבתון פאַר דער ערד, אַ רואונג צו גאָט. זאָלסט ניט פאַרזייען דיין פעלד און זאָלסט ניט אָרומשניידן דיין וויינגאָרטן.

דאָס נאָכוואַקסונג פון דיין שניט (וואָס וואַקסט פון זיך אַליין, פון די זאָמען וואָס פאַלן אַראָפּ בשעת דעם שניט), זאָלסטו ניט אָפּשניידן, און די טרויבן פון דיינע ניט-באַשניטענע וויינשטאָקן זאָלסטו ניט אָפּרייסן.

און די תבואה און פרוכט פון דעם זיבעטן יאָר, דאָס יאָר פון שמיטה (פאַרלאָזונג), זאָלן זיין צו עסן פאַר דיר, און פאַר דיין קנעכט, און פאַר דיין דינסט, און פאַר דיין געדונגענעם אַרבעטער, און פאַר דיין איינגעוואַנדערטן, וואָס ער וואוינט מיט

דיר, און צו דיין בהמה און חיה, וואָס אין דיין לאַנד. (די פּרוכט פונם שמיטה־יאָר איז הפקר פאַר יעדערן).

און אויב איר וועט זאָגן: וואָס וועלן מיר עסן אין זיבעטן יאָר? מיר וועלן דאָך ניט זייען און ניט איינזאַמלען אונזער תבואה!

וועל איך באַפעלן מיין ברכה (בענטשונג) אויף אייך אין דעם זעקסטן יאָר, און די ערד וועט אייך ארויסברייגנען תבואה פאַר דריי יאָר. און אַז איר וועט פאַרזייען אויפן אַכטן יאָר, וועט איר עסן די תבואה פונם אַלטן (פונם זעקסטן יאָר נאָך), ביזן ניינטן יאָר, ווען עס וועט קומען זיין תבואה, וועט איר האָבן צו עסן די אַלטע!

* * * *

## דינים וועגן יובל

און דו זאָלסט דיר אָפּציילן זיבן שבת־יאָרן: זיבן מאָל זיבן — ניין און פערציק יאָר, און דאַמאָלט זאָלסטו לאָזן הערן אַ שאַלונג פון שופר איבערן לאַנד, אין צענטן טאָג פון זיבעטן חודש (תשרי), אין טאָג פון יום־כפור.

און איר זאָלט הייליקן דאָס פופציקסטע יאָר, און איר זאָלט אויסרופן אַ באַפרייאונג פאַר אַלע איינוואוינער אין לאַנד.

דאָס זאָל זיין אַ יובל צו אייך!

און איטליכער זאָל זיך אומקערן צו זיין אייגנטום און צו זיין משפחה.

און אין דעם יובל־יאָר זאָלט איר ניט פאַרזייען און ניט שניידן דאָס נאָכוואַקסונג, און ניט אָפּרייסן די פאַרלאָזטע וויינשטאָקן!

---

און אַז איר וועט פאַרקויפן פעלד צו עמיצן, אָדער איר וועט קויפן פון עמיצן, זאָלט איר זיך איינער דעם צווייטן ניט נאַרן.

לויט דער צאָל פון יאָר, נאָכן יובל, זאָלסטו קויפן, און לויט דער צאָל פון תבואה־יאָרן זאָל ער דיר פאַרקויפן: פאַר מער תבואה־יאָרן (ביזן קומענדיקן יובל) זאָלסטו צאָלן מער; פאַר

ווינציק תבואה־יאָרן זאָלסטו צאָלן ווינציקער — ווייל נאָר די צאָל תבואה פון פעלד פאַרקויפסט ער דיר (ניט דאָס פעלד).

די ערד זאָל ניט פאַרקויפט ווערן אויף אייביק, וואָרים צו מיר געהערט די ערד!

און איר זאָלט איינער דעם אַנדערן ניט נאַרן. איר זאָלט מורא האָבן פאַר אייער גאָט און היטן זיינע געזעצן, וועט איר דאַמאָלט זיצן מיט זיכערקייט אין אייער לאַנד, און די ערד וועט אייך גיבן איר פרוכט, און איר וועט עסן צו זאַט.

* * * *

## דינים וועגן אויסלייזן אייגנטום

אַז דיין ברודער וועט אָרים ווערן און וועט פאַרקויפן אַ טייל פון זיין פעלד, מעג זיין קרוב קומען און באַצאָלן דאָס געלט און אויסלייזן דאָס פעלד. (די תורה האָט באַוואָרנט, אַז קיינער זאָל ניט קאָנען אַנקויפן אַ סך פעלד, און פאַר אַנדערע זאָל גאָרניט איבערבלייבן).

און אויב דער מענטש האָט ניט קיין אויסלייזער, נאָר ער וועט אַליין קאָנען קריגן געלט גענוג, — זאָל ער אויסרעכענען די יאָרן פון דעם פאַרקויפונג און צוריקצאָלן דעם רעשט צו דעם, וואָס האָט עס געקויפט, און ער זאָל אָפּנעמען זיין אייגנטום.

און אויב ער קאָן ניט אויסלייזן, זאָל דאָס פעלד זיין ביים קונה נאָר ביזן יובל, און דאַמאָלט קערט זיך עס אום צום ערשטן בעל־הבית.

(דערדאָזיקער דין איז נאָר נוגע פעלד־אייגנטום און הייזער, וואָס זיינען דאָרטן געבויט; אָבער ניט וועגן שטאָט־אייגנטום).

ווען איינער פאַרקויפט אַ הויז אין שטאָט, האָט ער נאָר צייט איין יאָר נאָכן פאַרקויפן צו אויסלייזן עס צוריק. און אויב ניט, בלייבט עס אויף אייביק ביים קונה, און עס קערט זיך ניט אום אַפילו אין יובל.

אחוץ אין די שטעט פון די לוויים. זייער אייגנטום קאָן אויסגעלייזט ווערן צו יעדער צייט.

* * * *

## נאָך דינים וועגן פירונגען צווישן מענטש און מענטש

ווען דיין ברודער ווערט אָרים, זאָלסטו אים שטיצן. סאַי אַ גר און סאַי אַ תושב („גר" הייסט איינער, וואָס קומט פון אַ פרעמדן לאַנד; „תושב" הייסט איינער פון אַ פרעמד פאָלק, וואָס וואוינט מיט דיר אין לאַנד), און ער זאָל לעבן מיט דיר!

זאָלסט ניט נעמען ביי אים קיין צינזן (פּראָצענט, אינטע־רעסט), ווען דו לייהסט אים געלט; און זאָלסט ניט נעמען קיין מערונג (רווח, פּראָפיט), ווען דו לייהסט אים עסנוואַרג.

ווען דיין ברודער ווערט אָרים און ער פאַרקויפט זיך צו דיר, זאָלסטו מיט אים ניט אַרבעטן קיין שווערע אַרבעט, ווי מיט אַ קנעכט. נאָר ווי אַ געדונגענער אַרבעטער זאָל ער זיין ביי דיר. אין זיבעטן יאָר זאָל ער ארויסגיין פריי, און אויב ער וויל ניט, זאָל ער אַרבעטן ביז יובל.

פון די פעלקער, וואָס ארום אייך, קאָנט איר קויפן קנעכט און דינסטן. און אויך פון די תושבים, וואָס וואוינען מיט אייך אין לאַנד (פרעמדע, ניט אידן) מעגט איר קויפן אַלס אייגנטום.

און ווען אַ גר ווערט רייך, און דיין ברודער ווערט אָרים און פאַרקויפט זיך צום גר, אָדער צו זיינס אַ קינד, קאָן איינער פון דיינע ברידער אים אויסלייזן. און אויב ער ווערט ניט אויס־געלייזט, גייט ער ארויס אין יובל פריי, ער מיט זיינע קינדער.

ווייל צו מיר זיינען די אידן קנעכט, מיינע קנעכט, וואָס איך האָב זיי ארויסגענומען פון לאַנד מצרים. איך בין אייער גאָט!

סדרה

# בחוקותי

(אין מיינע געזעצן)

## די ברכה פאַר אָפּהיטן די געזעצן

אויב אין מיינע געזעצן וועט איר גיין,
און מיינע געבאָט וועט איר היטן,
און איר וועט זיי טאָן, —
וועל איך גיבן אייערע רעגנס אין זייער צייט,
און די ערד וועט גיבן איר תבואה,
און דער בוים פון פעלד וועט גיבן זיין פרוכט.
און דאָס דרעשן די תבואָה
וועט גרייכן ביזן רייסן די טרויבן.
און דאָס רייסן די טרויבן
וועט גרייכן ביזן פאַרזייען די תבואָה.
און איר וועט עסן אייער ברויט צו זאַט.
און איר וועט זיצן מיט זיכערקייט
אין אייער לאַנד!
און איך וועל גיבן שלום (פרידן)
אין לאַנד!

און איר וועט זיך לעגן, — און קיינער
וועט אייך ניט מאַכן ציטערן!
און איך וועל אויסראָטן (פאַרניכטן)
די בייזע חיות פון לאַנד.
און קיין שווערד פון אַ שונא
וועט ניט דורכגיין אין אייער לאַנד!
און איר וועט נאָכיאָגן אייערע פיינט,
און זיי וועלן פאַלן דורך אייער שווערד.
פינף פון אייך וועלן נאָכיאָגן הונדערט; —
און הונדערט פון אייך וועלן צענטויזנט נאָכיאָגן!
און איך וועל זיך קערן צו אייך,
און איך וועל אייך פרוכפּערן און מערן,
און איך וועל אויפשטעלן מיין בונד מיט אייך!
און איר וועט עסן אַלט-אַלטע תבואה,
(אַזויפיל וועט איר האָבן)
און איר וועט די אַלטע פאַר דער נייער אויסראמען,
(כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דער נייער).
און איך וועל מאַכן מיין רואונג צווישן אייך;
און מיין זעל וועט אייך ניט פּאַרמיאוס׳ן.
און איך וועל אומגיין צווישן אייך:
און איך וועל אייך זיין אַ גאָט,
און איר וועט מיר זיין אַ פאָלק!
איך בין דער גאָט, וואָס האָב אייך
ארויסגענומען פון לאַנד מצרים,
איר זאָלט ניט זיין צו זיי קיין קנעכט!
און איך האָב צעבראָכן די שטאַנגען
פון אייער יאָך,
און איך האָב אייך געפירט
מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ!

* * * *

# די קללה פאַר ניט אָפּהיטן די געזעצן

(די תוכחה)

און אויב איר וועט ניט צוהערן צו מיר,
און וועט דידאָזיקע אַלע געבאָט ניט טאָן;
און אויב מיינע חוקים וועט איר פאַרמיאוס׳ן,
און מיינע משפּטים וועט אייער זעל פאַראַכטן,
ניט צו טאָן אַלע מיינע געבאָט,
כדי איר זאָלט פאַרשטערן מיין בונד; —
וועל איך אויך טאָן דאָסדאָזיקע צו אייך:
איך וועל באַפעלן אויף אייך אַ שרעק (בהלה) —
די דער (שווינדזוכט) און דאָס קדחת,
וואָס מאַכן אויסגיין די אויגן,
און מאַכן ווייטיקן די זעל.
און איר וועט פאַרזייען אייערע זאָמען אומנישט,
וואָרים אייערע פיינט וועלן עס אויפעסן.
און איך וועל גיבן מיין צאָרן אין אייך,
און איר וועט געשלאָגן ווערן פאַר אייערע פיינט,
און אייערע שונאים וועלן געוועלטיקן אין אייך,
און איר וועט אנטלויפן אַפילו דאמאָלט,
ווען קיינער וועט אייך ניט נאָכיאָגן.
און אויב איר וועט נאָך אַלץ ניט צוהערן מיך, —
וועל איך נאָך מערן צו שטראָפן אייך
זיבן מאָל אַזויפיל, ווי אייערע זינד.
און איך וועל צעברעכן אייער שטאָלצע שטאַרקייט:
איך וועל מאַכן אייער הימל ווי אייזן,
און אייער ערד — ווי קופּער,
און אייער כח וועט אַוועקגיין פאַר גאָרניט:
אייער ערד וועט ניט גיבן איר תבואה,
און דער בוים וועט ניט גיבן זיין פרוכט.

און אויב איר וועט גיין מיט מיר ווידערשפעניק
און וועט ניט וועלן צוהערן צו מיר —
וועל איך נאָך מערן צו שלאָגן אייך,
זיבן מאָל אַזויפיל, ווי אייערע זינד.
און איך וועל אָנשיקן אויף אייך
די חיה פון פעלד —
און זי וועט אייך בארויבן פון קינדער,
און זי וועט פארשניידן אייערע בהמות,
און זי וועט אייך פאַרמינערן, —
און אייערע וועגן וועלן פאַרוויסט ווערן.
און אויב איר וועט פון דידאָזיקע אַלע שטראָפן
נאָך אַלץ קיין מוסר ניט אָראָפּנעמען,
און איר וועט אַלץ גיין מיט מיר ווידערשפעניק, —
וועל איך מיט אייך אויך גיין ווידערשפעניק,
און איך וועל אייך אויך שלאָגן
זיבן מאָל אַזויפיל, ווי אייערע זינד.
און איך וועל ברענגען אויף אייך
אַ שווערד פון נקמה —
די נקמה פאַרן בונד, וואָס איר האָט צעשטערט;
און איר וועט זיך איינזאַמלען
אין אייערע שטעט (די באפעסטיקטע), —
וועל איך דאַן שיקן אויף אייך אַ מגפה,
און איר וועט געגעבן ווערן
אין שונא׳ס האַנט.
ווען איך וועל צעברעכן
דעם אָנשפּאַר פון ברויט (אַ הונגער),
און צען ווייבער וועלן באַקן אייער ברויט
אין איין אויוון, און וועלן צוריקברענגען
אייער ברויט מיט פינקטליכער וואָג,
(יעדער ברעקל וועט זיין טייער)

און איר וועט עסן און ניט זאט ווערן!
און אויב איר וועט נאך דערדאזיקער שטראף
נאך אלץ ניט צוהערן צו מיר,
און וועט גיין מיט מיר ווידערשפעניק,
וועל איך מיט אייך אויך גיין
מיט צארן פון ווידערשפעניגקייט, —
און איך וועל אייך אויך שטראפן
זיבן מאל אזויפיל, ווי אייערע זינד:
און איר וועט עסן דאס פלייש פון אייערע זין,
און דאס פלייש פון אייערע טעכטער וועט איר עסן.
און איך וועל פארטיליקן אייערע במות,
און פארשניידן אייער זון-מאנומענטן.
און אייערע טויטע קערפער וועל איך לאזן ליגן
אויף די פגרים פון אייערע אפגעטער,
און מיין זעל וועט אייך פארמיאוס׳ן!
און איך וועל מאכן פון אייערע שטעט א חורבן,
און אייערע טעמפלען וועל איך פארוויסטן,
און וועל ניט שמעקן אייער קרבנות-ריח.
און איך וועל פארוויסטן דאס לאנד,
און אייערע פיינט וועלן, זיצנדיק דארטן,
גאפן אויף איר.
און איך וועל אייך צעשפרייטן צווישן פעלקער,
און הינטער אייך וועל איך ארויסציען א שווערד
(איר זאלט זיך ניט קאנען צוריקקערן)
און אייער לאנד וועט זיין וויסט,
און אייערע שטעט וועלן חרוב ווערן.
און ערשט דאמאלט וועט דאס לאנד
באוויליקן (אפצאלן) אירע שמיטות
אלע טעג, וואס עס וועט זיין וויסט,
און איר — אין לאנד פון אייערע פיינט, —

דאמאלט וועט דאָס לאַנד רוען
און עס וועט אָפּצאָלן אירע שמיטות.
אַלע טעג פון וויסטעניש וועט עס רוען,
וואָס עס האָט ניט גערוט אין אייערע שמיטות,
ווען איר זענט געזעסן אין דעם!
און די פון אייך, וואָס וועלן בלייבן,
וועל איך ברענגען אַ שרעק אין זייער הארץ,
אין די לענדער פון זייערע פיינט,
און עס וועט זיי נאָכיאָגן דאָס קול
פון אַ שאָקלענדיקן בלאַט;
און ווי מע אנטלויפט פאַר שווערד,
אַזוי וועלן זיי אַנטלויפן און פאַלן,
ווען קיינער יאָגט זיי ניט נאָך;
און פון שרעק וועלן זיי זיך אָנשלאָגן
איינער אָן צווייטן — ווען קיינער יאָגט ניט;
און איר וועט ניט קאָנען שטיין קעגן אייערע פיינט,
און איר וועט אונטערגיין צווישן די פעלקער
און אייער שונא'ס לאַנד וועט אייך פאַרצערן.
און די געבליבענע פון אייך,
אין די לענדער פון אייערע פיינט,
וועלן פאַרפוילט ווערן פאַר זייערע זינד
און פאַר די זינד פון זייערע עלטערן,
וועלן זיי איינגיין.
און זיי וועלן זיך מודה זיין
אויף זייערע און אויף זייערע עלטערנ'ס זינד,
אויף זייער פאַלשקייט, וואָס זיי האָבן געפעלשט
אין מיר, און געגאַנגען מיט מיר ווידערשפעניק,
און וואָס דערפאַר בין איך אויך
געגאַנגען מיט זיי ווידערשפעניק
און האָב זיי געבראַכט אין פיינט'ס לאַנד, —

אויב דאמאָלט וועט זייער פארשטאָפּט האַרץ
אונטערטעניק ווערן, ערשט דאמאָלט וועט
זייער זינד אָפּגעצאָלט ווערן:
און איך וועל זיך דערמאָנען אָן מיין בונד
מיט יעקב'ן, מיט יצחק'ן און מיט אברהמ'ן,
און אָן דעם לאַנד וועל איך זיך דערמאָנען!
און דאָס לאַנד, וואָס איז פארלאָזט פון זיי,
און וואָס איז פארוויסט פון זיי,
וועט האָבן אָפּגעצאָלט די שמיטות,
און זיי וועלן אָפּצאָלן זייערע זינד,
נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבן מיינע געבאָט פאַרמיאוסט,
און מיינע געזעצן האָט זייער זעל פאַראַכט.
אָבער — אפילו דאמאָלט ווען זיי וועלן זיין
אין לאַנד פון זייערע פיינט,
וועל איך זיי אויך ניט פאַראַכטן און פאַרמיאוס'ן
צו פאַרניכטן זיי אינגאַנצן,
צו פאַרשטערן מיין בונד מיט זיי, —
וואָרים איך בין זייער גאָט!
און איך וועל זיך דערמאָנען פון זייערט וועגן
אָן דעם בונד מיט די ערשטע,
וואָס איך האָב ארויסגעצויגן פון לאַנד מצרים
פאַר די אויגן פון די פעלקער —
צו זיין צו זיי אַ גאָט!

אָט דאָס זיינען די געזעצן און די געבאָט, און די לערנונגען, וואָס גאָט האָט געגעבן צווישן אים און צווישן די בני ישראל אויפן באַרג סיני דורך משה'ן.

* * * *

# דינים וועגן נדרים (פֿאַרשפּרעכונגען)

(א)

## אַ נדר וועגן אַ מענטשן

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די אידן און זאָלסט זיי זאָגן, אַז ווען איינער וועט ארויסרעדן אַ נדר וועגן אַ נפש, אַז ער וועט גיבן לויט זיין ווערט צו גאָט, זאָל דאָס שאַצונג זיין אַזוי: פֿאַר אַ זכר, פֿון אַ חודש ביז פֿינף יאָר אַלט, פֿינף זילבער שקלים; און אַ נקבה — דריי שקלים.

פֿאַר אַ זכר, פֿון פֿינף ביז צוואַנציק יאָר אַלט — צוואַנציק שקלים; און פֿאַר אַ נקבה — צעהן שקלים.

פֿאַר אַ זכר, פֿון צוואַנציק ביז זעכציק יאָר אַלט — פֿופֿציק שקלים; און פֿאַר אַ נקבה — דרייסיק שקלים.

פֿאַר אַ זכר, פֿון זעכציק און עלטער — פֿופֿצן שקלים; און פֿאַר אַ נקבה — צען שקלים.

און אויב דער מענטש, וואָס האָט מנדר געווען, איז צו אָרים פֿאַר דעמדאָזיקן שאַצונג, זאָל ער דעם נפש אַוועקשטעלן פֿאַרן כהן, און דער כהן זאָל אים אָפּשאַצן, לויט דעם פֿאַרמעגן פֿונם מנדר.

(ב)

## אַ נדר וועגן אַ בהמה

ווען איינער איז מנדר אַ בהמה, אַ ריינע, וועלכע מע מעג ברייני-גען פֿאַר אַ קרבן צו גאָט, — זאָל זי זיין הייליק. ער טאָר זי ניט פֿאַרבייטן אויף אַן׳אַנדער זאַך, און ניט פֿאַרטוישן אויף אַן׳אַנדער בהמה, סיי אַ בעסערע און סיי אַן ערגערע. און אויב ער פֿאַר-בייט, דאַרפֿן ביידע זיין הייליק.

און אויב ער איז מנדר אַן אומריינע בהמה, וועלכע מען טאָר

ניט מקריב זיין פאר א קרבן צו גאט, זאל ער די בהמה שטעלן פארן כהן, ער זאל זי אפשאצן אין געלט.

און אויב ער אליין וויל זי אפשאצן און אויסלייזן מיט געלט, דארף ער אחוץ דער אפגעשאצטער סומע געלט נאך צולעגן א פירטל דערפון, עס זאל אויסמאכן פינף חלקים.

(ג)

## א נדר וועגן א הויז און א פעלד

ווען איינער איז מנדר זיין הויז צו גאט, זאל עס דער כהן אפ־שאצן. און אויב ער אליין וויל עס אויסלייזן, זאל ער צולעגן נאך א פירטל.

און ווען איינער איז מנדר א פעלד, זאל מען אפשאצן לויט דער זריעה (פארזייאונג) פון א חומר גערשטן; וויפיל חומר'ס, אזויפיל זילבער־שקלים פאר יעדן יאר, וואס איז נאך געבליבן ביז יובל.

* * * *

## דער דין וועגן מעשר

יעדער מעשר (א צענט־חלק), וואס מע שיידט אפ פון פרוכט פון דער ערד און פון בוים, איז הייליק צו גאט.

און אויב איינער לייזט אויס זיין מעשר (דעם מעשר שני; ווייל ס'איז ווייט צו פירן אים קיין ירושלים צו עסן דארטן), דארף ער צולעגן נאך א פירטל פון דער ווערט.

און דער מעשר פון רינדער און שאף, פון אלץ וואס גייט אונטער דעם פאסטוך'ס רוט, זאל דער צענטער זיין הייליק צו גאט. מ'טאר אים ניט אויסקלייבן און ניט פארביטן, און ער קאן ניט אויסגע־לייזט ווערן.

דאס זיינען די געבאט, וואס גאט האט באפוילן משה'ן פאר די בני־ישראל אויפן בארג סיני.

———: :———

# מעשיות און לעגענדעס

## צו חומש ויקרא

1.

### אָרים און רייך

דער קעניג אַגריפּס האָט אַמאָל געוואָלט מקריב זיין טויזנט אָקסן אין איין טאָג. האָט ער געשיקט אַ באַפעל צום כהן־גדול, אַז אין יענעם טאָג זאָל ער פון קיינעם קיין קרבן ניט אָננעמען.

איז אָנגעקומען אַן אָרימאַן מיט צוויי טויבן, און האָט געזאָגט צום כהן:

— זיי מיר מקריב אָט די צוויי טייבעלאַך!

האָט דער כהן געענטפערט:

דער קעניג האָט מיר פאַרבאָטן אָנצונעמען היינט אַנדערע קרבנות, אַחוץ זיינע!

האָט דער אָרימאַן אָנגעהויבן צו בעטן:

— איך כאַפּ יעדן טאָג פיר טויבן. צוויי לאָז איך פאַר זיך מיט מיין פאַמיליע צום עסן, און צוויי בין איך מקריב צו גאָט. און היינט, אויב איך וועל צו גאָט ניט מקריב זיין, וועלן מיר אויך ניט קאָנען עסן גאָרניט!

האָט דער כהן ניט געקאָנט דערליידן דעם אָרימאַנ'ס יסורים, און ער האָט זיינע טויבן מקריב געווען.

ווען דער גוטער קעניג אַגריפּס האָט דאָס דערהערט, האָט ער דעם כהן געלויבט דערפאַר:

— גוט האָסטו געטאָן! זאָלן מענטשן וויסן, אַז אָרים און רייך זיינען ביי גאָט גלייך!...

* * * *

2.

# דער אמת׳ער קרבן...

אַמאָל האָט אַן אָרימע פרוי געבראַכט צום כהן אַביסעלע מעל פאַר אַ "קרבן מנחה". איז דער כהן, אָבער, געווען שטאַרק פאַרנומען מיט גרויסע און רייכע קרבנות, און ער האָט זיך אויף דער פרוי ניט אומגעקוקט.

די פרוי האָט שוין מער ניט געקאָנט וואַרטן, און זי האָט דעם כהן אויסגערעדט:

— ביז וואַנען וועסטו מיך לאָזן שטיין מיט מיין קרבן?

האָט דער כהן זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— זעט נאָר, וואָס פאַר אַ קרבן זי האָט געבראַכט, און זי וויל נאָך, אַז כ׳זאָל אָוועקשטעלן אַנדערע און נעמען מקריב זיין איר קרבן!...

די פרוי האָט זיך פאַרשעמט און האָט שוין געמוזט וואַרטן ביז דער כהן האָט געענדיקט אַלע קרבנות.

אויפן צווייטן טאָג איז דער כהן געקומען צו דער אָרימער פרוי און האָט געבעטן, אַז זי זאָל אים מוחל זיין פאַר זיין גראָבקייט (ראָפ-נעסס), און ער האָט דערציילט אַזוי:

— אין חלום האָט מען מיך פון הימל אויסגעשטראָפט און מיר געזאָגט, אַז דער קרבן פון דער אָרימער פרוי איז וויכטיקער פון די רייכסטע קרבנות, ווייל ביי איר איז דאָס גלייך, ווי זי וואָלט איר אייגענעם נפש מקריב געווען!...

* * * *

3.

# שלמה המלך׳ם שטראָף

די תורה האָט געזאָגט, אַז אַן "עולה" זאָל אינגאַנצן פאַרברענט ווערן.

האָבן די חכמים געזאָגט, אַז דאָס מיינט אַזוי:

ווער ס׳איז אַן "עולה", וואָס האַלט זיך העכער פון אַלעמען, איז דער סוף זיינער, אַז ער ווערט פאַרברענט, און ס׳בלייבט פון אים גאָרנישט...

און עס ווערט דערציילט אַ שיינע מעשה וועגן דער שטראָף, וואָס שלמה המלך האָט געקראָגן פאַר זיין שטאָלץ.

ווען גאָט האָט געמאַכט שלמה המלך צו קיניגין איבער אַלע חיות און עופות און אַלערליי באַשעפענישן אויף דער וועלט, און ער האָט אים אויסגעלערנט צו פאַרשטיין אַלע זייערע שפּראַכן, האָט ער אים אויך געגעבן אַזאַ דיוואַן (קאַרפּעט; קאָברעץ), וואָס איז געווען זעכציק מייל אין דער לענג און זעכציק מייל אין דער ברייט, און אויף דעמדאָזיקן דיוואַן האָט שלמה געקאָנט פליען אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט.

איינמאָל האָט שלמה אַרויפגענומען אויפן דיוואַן אַסך סאָל־דאַטן (חיל) און ער האָט זיך מיט זיי אַוועקגעלאָזט פליען זייער הויך און ווייט.

און, אָט אַזוי פליענדיק, האָט זיך שלמה אָנגעהויבן צו גרויסן און צו באַרימען:

— איך בין דער איינציקער אין דער וועלט, וועמען גאָט האָט געגעבן אַזויפיל חכמה און אַזויפיל מאַכט!...

אין יענעם מאָמענט איז אָנגעקומען אַ שטאַרקער ווינט און האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן דיוואַן, און עטליכע טויזנט סאָלדאַטן זיינען פון דאָרטן אַראָפּגעפאַלן.

האָט זיך שלמה צעבייזערט אויפן ווינט:

— קער זיך אום צוריק און בלאָז ניט אויף **מיין דיוואַן!**

האָט דער ווינט אים געענטפערט:

— אַז דו וועסט זיך אומקערן צו גאָט און ניט זיין אַזוי שטאָלץ ביי זיך, וועל איך זיך אויך אומקערן!...

און שפּעטער, פליענדיק ווייטער איבער אַ טיפן טאָל מיט אַסך מוראַשקעס (ענטס), האָט שלמה דערהערט, ווי איין מוראַשקע שרייט אוים:

— אַלע מוראַשקעס זאָלן זיך באַלד באַהאַלטן אין זייערע היי־זער, וואָרים שלמה'ס סאָלדאַטן וועלן אייך צעטרעטן!

האָט עס שלמה'ן זייער פאַרדראָסן, און ער האָט זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט אין טאָל אַריין און אַ פרעג געטאָן די מוראַשקע:

— ווער ביזטו, און פאַרוואָס האָסטו געגעבן אַזאַ באַפעל?

האָט די מוראַשקע געענטפערט:

— איך בין די קעניגין, און כ'האָב געוואָלט ראַטעווען מיין פאָלק!...

האָט שלמה איר געזאָגט:

— איך וויל דיך עפּים פרעגן, וועסטו מיר ענטפערן?

האָט די מוראַשקע געזאָגט צו אים:

— דו ביזט אַ קעניג און איך בין אַ קעניגין, איז ניט שיין, אַז דו זאָלסט זיצן אויף דיין שטול און איך זאָל שטיין פאַר דיר. אויב דו וועסט מיך נעמען אויף דיינע הענט, וועל איך דיר ענטפערן אויף דיין פראַגע!

האָט שלמה גענומען די מוראַשקע אויף זיינע הענט און האָט זי געפרעגט:

— זאָג מיר, האָסטו נאָך געזען אַ גרעסערע באַשעפעניש פון מיר אויף דער גאַנצער וועלט?

האָט די מוראַשקע געענטפערט:

— יאָ! איך בין גרעסער פון דיר! אַ סימן, אַז גאָט האָט דיך

צוגעשיקט אהער, אז דו זאלסט מיך האלטן אויף דיינע הענט!...

איז שלמה אין כעס געווארן און האט געגעבן א ווארף די מור־ראשקע אויף דער ערד:

— דו ווייסט ניט ווער איך בין! איך בין שלמה המלך!...

האט די מוראשקע אים געענטפערט געלאסן:

— אפילו שלמה המלך טאר זיך אויך ניט האלטן גרעסער פון אלע באשעפענישן, ווייל גאט האט אונז אלע באשאפן פון גארנישט, און שפעטער וועט ער אונז אלע ווידער אומקערן צו גארנישט!...

און שלמה האט פארשטאנען, אז דאס איז א שטראף פאר זיין גאווה.

* * * *

4.

## מ׳דארף דן־זיין צו גוטן

די תורה זאגט אן, אז מ׳דארף משפט׳ן דעם חבר מיט גערעכ־טיגקייט.

האבן די חכמים געזאגט, אז דאס מיינט אזוי:

דו זאלסט שטענדיק איטלאכן דן־זיין (טו דזשאדזש) צו גוטן! (לכף זכות).

וועגן הלל הזקן ווערט דערציילט אזא מעשה:

אמאל איז געקומען א גרויסער גאסט צו רבי הלל הזקן, און מ׳האט פאר אים צוגעגרייט זייער גוטע מאכלים.

איז אריינגעקומען אן ארימאן אין קיך אריין, און האט געזאגט צו הלל׳ס ווייב:

— איך מיט מיין הויזגעזינט האבן שוין עטליכע טעג ניט גע־געסן, גיב מיר עפים פון דיין סעודה!

האט הלל׳ס ווייב אוועקגעגעבן דעם ארימאן אלע מאכלים, און

זי האָט געמוזט נעמען און זיך שטעלן צוגרייטן אַנדערע מאכלים פאַרן גאַסט.

אַז זי האָט דערלאַנגט דאָס עסן צום טיש, איז שוין געווען זייער שפּעט. האָט הלל זי געפרעגט:

— טאָכטער מיינע, וואָס האָט עס אַזוי לאַנג געדויערט צוצו־גרייטן דעם מיטאָג?

האָט זי אים דערציילט וואָס ס׳האָט געטראָפן. האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אָבער געוואוסט, אַז דו האָסט געמוזט טאָן עפּיס אַ גוטע זאַך אין דערדאָזיקער צייט!...

* * * *

5.

## דער שכר פון צדקה

די תורה זאָגט אָן, אַז דיין ברודער וועט פאַראָרימט ווערן, זאָלסטו אים אונטערהאַלטן.

האָט רב אסי געזאָגט:

צדקה וועגט איבער אַלע מצוות פון דער תורה!

און איינער אַ חכם האָט דערציילט וועגן דעם אַ שיינע מעשה.

אַמאָל איז אין ארץ ישראל געווען אַ גערטנער, אַ גרויסער אָרימאַן. ער האָט געאַרבעט שווער און האָט ניט געקאָנט שפּייזן זיין ווייב מיט די קינדער.

איך בין אַוועק קיין בבל אויף עטליכע יאָר, און ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך שוין געפונען יענעם אָרימען גערטנער אַלס אַ זייער רייכן מאַן.

האָב איך אים געפרעגט פון וואַנען דאָס רייכקייט האָט זיך צו אים גענומען, און ער האָט מיר דערציילט אַזאַ געשיכטע:

אין אַ פרימאָרגן איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ שיינער זקן, און האָט צו מיר געזאָגט אַזוי:

— זאָלסט וויסן, אַז דיר איז באַשערט (דעסטינד) צו זיין זיבן יאָר אַ רייכער מאַן, און ס'איז געווענדט אָן דיר ווען די זיבן יאָר זאָלן קומען, באַלד אָדער אויף דיינע עלטערע יאָרן!

האָב איך געדענקט, אַז דער אַלטער איז אַ "טרעפער" (פאָרטשון־טעללער), און ער וויל ביי מיר פאַרדינען אַ פּאָר מטבעות. האָב איך אים געזאָגט, אַז איך בין אָרים און כ'האָב ניט צו באַצאָלן אים, און געבעטן, ער זאָל זיך אַוועקגיין.

אויפן צווייטן טאָג איז ער ווידער געקומען מיט זיין בשורה, און איך האָב זיך ווידער צו אים ניט צוגעהערט.

און אויפן דריטן טאָג, אַז ער איז נאָכאַמאָל געקומען צו מיר, האָב איך זיך שוין אָנגעבייזערט אויף אים:

— לאָז מיך צורו און שטער מיר ניט אין מיין אַרבעט! האָב רחמנות אויף מיין ווייב און קינדער, וואָס וואַרטן אויף מיין פאַר־דינסט!

האָט דער זקן געזאָגט צו מיר:

— כ'קום ניט צו נעמען עפּיס פון דיר, כ'קום צו געבן דיר אַסך רייכקייט! זאָג מיר, ווען ווילסטו האָבן די זיבן גוטע יאָר?

אַז כ'האָב שוין געזען, אַז דער מאַן מיינט עס ערנסט, האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אפשר איז דאָס אליהו הנביא. און כ'האָב אים געענטפערט:

— הער אויס, מיין פריינט, כ'טו קיינמאָל גאָרניט אָן מיין פרוי'ס וויסן. היינט וועל איך מיט מיין פרוי איבערעדן, און מאָרגן וועל איך דיר קאָנען געבן אַ באַשטימטן ענטפער.

אַז כ'בין געקומען אַהיים און דאָס דערציילט מיין פרוי, האָט זי מיר געזאָגט:

— אויב ס׳איז אונז באַשערט גליק, זאָלן די זיבן גוטע יאָר קו־מען באַלד! לאָמיר גליקליך זיין היינט, און פאַר מאָרגן זאָל זיך גאָט זאָרגן!...

אויפן פירטן טאָג, ווען דער זקן איז צו מיר געקומען און ער האָט דערהערט אונזער באַשלוס, האָט ער געזאָגט צו מיר:

— אויב אַזוי, וואַרף באַלד אַוועק דיין אַרבעט און גיי גלייך אַהיים, ווייל גאָט האָט דיך שוין באַגליקט!

האָב איך אים געפאָלגט, אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט און גע־גאַנגען אַהיים. אויפן וועג האָב איך חרטה געהאַט. כ׳האָב גע־טראַכט: אפשר האָט דער זקן געוואָלט צונעמען ביי מיר מיין אַר־בעט. אָבער כ׳בין שוין געווען נייגעריק צו וויסן דעם אמת, און כ׳בין געגאַנגען ווייטער.

און ווען כ׳האָב זיך דערנענטערט צו מיין הויז, איז מיין פרוי שוין געלאָפן מיר אַקעגן מיט אַ בשורה:

— קום גיכער און זע ווי מיר זיינען רייך געוואָרן!

כ׳בין אריין אין הויז, און פאַר מיינע אויגן איז געלעגן אַ גרויסער אוצר מיט גאָלד און זילבער. מיר האָבן זיך געפרייט, און שוין גע־ווען זיכער, אַז דער זקן איז געווען אליהו הנביא.

האָט מיין פרוי געזאָגט צו מיר:

— איצט גיי און דינג אַ געטרייען בוכהאַלטער (בוקקיפּער), און זאָל ער פאַרשרייבן פּינקטליך אַלע צדקות, וואָס מיר וועלן פון איצט געבן!

מיר ביידע האָבן גוט געפּילט דעם אָרימאַן׳ס האַרץ, און דערפאַר פלעגן מיר אָרומגיין פון פרי ביז נאַכט און זוכן אָרימעלייט. וואו ערגיץ אַ הונגעריקער, האָבן מיר אים זאַט געמאַכט. וואו ערגיץ אַ נאַקעטער, האָבן מיר אים באַקליידט. און אונזער בוכהאַלטער האָט אַלץ פאַרשריבן.

אזוי זיינען אוועק די זיבן יאָר.

און פּלוצלינג זיינען אין יענער נאַכט אריין גנבים צו אונז און זיי האָבן צוגענומען דאָס גאַנצע רייכקייט.

אינדערפרי, ווען מיר זיינען אויפגעשטאַנען און דערזען, אַז מיר זיינען ווידער אָרים און האָבן אַפילו ניט קיין פּרוטה צו קויפן אַ שטיקל ברויט, האָב איך געזאָגט צו מיין פרוי:

— הלואי וואָלטן מיר בעסער געווען איבערגעלאָזט די זיבן גוטע יאָר אויף דער עלטער! ווארים וואָס וועלן מיר איצט טאָן?...

האָט מיין פרוי מיך באַרוהיקט און געזאָגט:

— זאָרג ניט, מיין מאַן! נעם אַרויס דעם בוך, וואו ס'זיינען פאַרשריבן אַלע צדקות אונזערע, און זאָג מיר וויפיל האָבן מיר צע-טיילט אין דער גאַנצער צייט פון אונזער רייכקייט!

האָב איך צוזאַמענגערעכנט, און איר געזאָגט די סומע. האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט און אָנגעהויבן טענה'ן צו גאָט:

— רבונו-של-עולם! שלמה המלך האָט געזאָגט, אַז ווען אַ מענטש העלפט אַן אָרימאַן, איז גלייך ווי ער לייט עס דיר, און דו באַצאָלסט אים! מיר האָבן דיר געליען אַ גרויסע סומע געלט, — גיב אונז אָפּ דעם חוב!...

און נאָך אין דערזעלבער נאַכט איז אליהו מיר געקומען צו חלום און געזאָגט:

— גיי גראָב די ערד לעבן דיין הויז, און דו וועסט געפינען נאָך אַ גרעסערן אוצר ווי פריער!...

און אָט אזוי בין איך אין זכות פון צדקה פאַרבליבן אַ גליק-ליכער עד היום.

* * * *

## 6.

# אַ גוט האַרץ און אַ שלעכט האַרץ

אַמאָל איז געווען אַ פרומער מאַן, וואָס האָט געהאַט זייער אַ גוט האַרץ און פלעגט העלפן אַלע אָרימעלייט און אַלמנות און יתומים אין זיין שטאָט.

זיין ווייב, אָבער, האָט געהאַט זייער אַ שלעכט האַרץ, און זי האָט קיינמאָל ניט געוואָלט ליידן, וואָס איר מאַן צעטיילט אַזויפיל געלט.

איינמאָל האָט דער מאַן באַדאַרפט אַוועקפאָרן אין אַנ׳אַנדער שטאָט, האָט ער צוגערופן זיין ווייב און צו איר געזאָגט:

— איך פאָדער פון דיר, אַז דו זאָלסט אַלע טאָג צעטיילן די־זעלבע נדבות, וואָס איך צעטייל תמיד!

דאָס ווייב האָט אים צוגעזאָגט צו טאָן זיין ווילן. אָבער אין האַרצן ביי זיך האָט זי געטראַכט, אַז זי וועט די נדבות פאַרקלענערן, און וועט איר מאַן דערפון ניט אויסזאָגן.

אויפן צווייטן טאָג, נאָכן מאַנ׳ס אָפּפאָרן, זיינען געקומען די אַלע אָרימעלייט פון שטאָט צו קריגן זייערע נדבות ווי שטענדיק. איז דאָס ווייב צוגעקומען צום אייזערנעם קאַסטן, וואו דאָס געלט פלעגט ליגן, און ווען זי האָט אים אויפגעעפנט, האָט זי דאָרטן געפונען — אַנשטאָט גאָלד און זילבער — אַסך שלאַנגען און עקדישן.

האָט זי זיך דערשראָקן, האָט אויף גיך צוריק פאַרמאַכט דעם קאַסטן און איז אַרויס צו די אָרימעלייט און זיי געזאָגט, אַז איר מאַן האָט פאַר זיי קיין געלט ניט געלאָזט.

פלעגן די אָרימעלייט קומען צום הויז יעדן טאָג און וואַרטן, אַז דער מאַן זאָל אָנקומען אַהיים.

אַז דער מאַן איז אָנגעקומען און געטראָפן אַלע אָרימעלייט, וואַר־טענדיק לעבן זיין הויז, האָט ער זיי געפרעגט:

— האָט איר געקראָגן אייערע נדבות יעדן טאָג?

האָבן זיי אים געענטפערט:

— ווי אַזוי האָבן מיר געקאָנט קריגן, אַז דיין ווייב האָט גע־

זאָגט, אַז דו האָסט פאַר אונז קיין געלט ניט געלאָזט ?!...

איז דער מאַן אַריין אין הויז מיט כעס און אַ פרעג געטאָן זיין ווייב :

— פאַרוואָס האָסטו ניט געטאָן, ווי דו האָסט מיר צוגעזאָגט, און געלאָזט די אָרימעלייט הונגערן ?

האָט אים דאָס ווייב געענטפערט :

— וואָס האָב איך זיי געזאָלט געבן ? די שלאַנגען און עקדישן, וואָס דו האָסט איבערגעלאָזט אין קאַסטן ?...

— וואָס רעדסטו ? — האָט דער מאַן געשטוינט.

— קום און זע אַליין ! — האָט דאָס ווייב געזאָגט.

דער מאַן האָט אויפגעעפנט דעם קאַסטן און געפונען דאָרטן דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער, וואָס ער האָט געלאָזט.

— נו, וואָס איז דאָס ? — פרעגט ער זיין ווייב.

— ווען איך האָב אים געעפנט, האָב איך געפונען דאָ נאָר שלאַנ-גען און עקדישן ! — האָט דאָס ווייב געענטפערט.

האָט איר דער מאַן געגעבן צו פאַרשטיין :

— אַט אַזוי איז עס, מיין ווייב ! אַ מענטש מיט אַ גוט האַרץ מאַכט, אַז פון זיין גאָלד און זילבער זאָלן אַלע הנאה האָבן ; און אַ מענטש מיט אַ שלעכט האַרץ מאַכט, אַז פון זיין גאָלד און זילבער זאָל ווערן שלאַנגען און עקדישן, און אַפילו ער אַליין זאָל אויך קיין הנאה ניט האָבן דערפון !...

## 7.

## די אמת׳ע אוצרות

אַמאָל, אין אַ הונגער-יאָר, האָט דער קעניג מונבז (פון די חשמונאים) גענומען און צעטיילט זיין גאַנצן פאַרמעגן צו אָרימעלייט אויף שפייז. זיינען זיינע ברידער און אַלע קרובים אָנגעפאַלן אויף אים מיט טענות :

— זע, דיינע עלטערנ׳ס עלטערן האָבן אָנגעזאַמלט אוצרות מיט גאָלד, און זיי איבערגעלאָזט צו דיינע עלטערן. דיינע עלטערן האָבן

די אוצרות נאָך פאַרגרעסערט, און זיי איבערגעלאָזט צו דיר. און איצט האָסטו גענומען און האָסט דאָס גאַנצע רייכקייט אוועקגע־געבן צו פרעמדע!

האָט ער זיי געענטפערט:

— איך טו אַ בעסערע זאַך: מיינע עלטערנ'ס עלטערן און מיינע עלטערן האָבן אָנגעזאַמלט אוצרות מיט גאָלד, און איך האָב אָנגע־זאַמלט אוצרות מיט נפשות! אַט די נפשות זיינען די "אמת'ע אוצרות"!...

* * * *

8.

## אונזער שוץ (אַ משל)

אַ קעניג האָט אַמאָל באַשטראָפט זיין זון, אַז ער זאָל אַ לאַנגע צייט זיין נע־ונד אויף דער וועלט.

האָט דער זון געזאָגט:

— פאָטער מיינער! איך האָב מורא, אַז די פרעמדע פעלקער און די פרעמדע שפּראַכן אויף דער וועלט וועלן מיך מאַכן פאַרגעסן מיין אייגן פאָלק און שפּראַך, און כ'וועל פאַרלוירן ווערן איגגאַנצן!

האָט דער קעניג גענומען און האָט אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַרמעט (פּאַרטשמענט) זיין אייגענעם נאָמען און דעם נאָמען פונם זון און אויך קלוגע אָנווייזונגען ווי אַזוי צו פירן זיך אין דער פרעמד. און דאָס שטיק פּאַרמעט האָט דער קעניג אַריינגעלעגט אין דעם זונ'ס וואַנדער־שטעקן, און געזאָגט:

— זון מיינער! אַט דעם שטעקן זאָלסטו קיינמאָל פון האַנט ניט אַרויסלאָזן, וועט דיך מיין שריפט אָפּהיטן!

און אַזוי האָט משה אויך געזאָגט אין גאָט'ס נאָמען צו די אידן:

— זאָל זיך דאָס ספר תורה פון אייך ניט אָפּטאָן, און עס וועט זיין אייער שוץ אויף אייביק!...

———:  :———